מאָריס האָפמאַן

# וואָגלונגס־קלאַנגען

(פּאָעמעס און לידער)

דעֶר ־ דרום ־ אַפריקע
1935

# אינהאלט:

## אַפריקאַנער עפּאָפּייען:



## וואָגלונג:

## ווינטער־לידער:



## ס אָ נ ע ט ן:

מיין האַרציקער
סאָניען —
אַ מתנה

# מאַלפּנהיים

הויבט זיך אויף די זון פאַמעלעך
איבער בלאָע הויכע שפּיצן,
פון די שטאָלצע ריזן פעלזן־בערג
דרינגען אירע פייער־בליקן
דורך פרימאָרגנדיקן דינעם
זילבער־טוי, וואָס ווערט צעשמאָלצן,
נעמט עס פלוצלונג שימערירן,
האַסטיק נעמט די זון באַלד שמירן
אויף די הויכע בערג פיל פאַרבן
גאָלדיק־לילע, ראָזלעך־גרינלעך.
פאַלט איר קוק דער ברענענדיקער
אונטן דאָרטן, אויפן שטעטל.
„מאַלפנהיים" — דעם שטעטלס נאָמען.

* *
*

מאַלפּנהיים ליגט צווישן הויכע
בערג, וואָס שטייען, ווי די וועכטער,
מעכטיקע, ברייטפּלייצעדיקע,
שטומע, שטייפע, אָנגעצויגן.
טריי צו זייער פליכט: צו היטן
תמיד מאַלפּנהיים טריי, פלייסיק.
קוקן אָט די בערג אַרונטער
אויף די ברייטע ווייטע פעלדער,
וואָס ציען זיך אויף לאַנגן שטח,
נישט געאַקערט, אומבאַזייטע,
דורשטיק און פאַרשמאַכט פאַרטריקנט,
ווייל עס רעגנט זייער זעלטן,
זענען צוגעדעקט די פעלדער
מיט די ברוינע דאָרן־צווייגלעך
אויסגעדאַרט און אויסגעטריקנט...
שווייגנדיק די בערג באַטראַכטן
מיט פאַרווונדערונג און שפּאָטן,
ווי די אָרעמינקע שעפּסלעך
און די קי, די אָקסן, אייזלען
פּיטערן זיך אויף די דאַרע,
האַרטע, ווילדע דאָרן־צווייגלעך, —
ס'איז פאַר זיי אַ גאַנצער מאכל,
פּרוכפּערן און מערן זיך דאָרט
אויפן פעלד אין גרויסע היצן...

*

און די שטאָלצע בערג באַטראַכטן
מיט א חוזק־קוק צופיסנס,
אויף די מענטשעלעך דאָרט אונטן,
וועלכע האָבן אויסגעזוכט זיך
ס׳וויסטע מאַלפנהיים צו לעבן
צווישן פעלזן־בערג באַהאַלטן,
אומעטיק און שטיל פאַרשלאָפן...

נאָר צוויי ברייטע לאַנגע גאַסן
האָט דאָס שטעטל. איינע: „קירך־גאַס״,
און „געפענקניש־גאַס״ די צווייטע.
און אויבן — קליינע געסלעך,
אָן אַ סדר, נאָר צעוואָרפן,
הייזער שטיינערנע, צעשפּרייטע,
נידעריקע און אויך הויכע,
ציגלפאַרביק און אויך ווייסע,
דעכער פלאַטשיק, פענסטער קליינע,
ס׳דוכט זיך, אז די הייזער זענען
אין איילעניש געבויט געוואָרן
פון וואַנדערער אין אַלטע צייטן,
אָן אַן אויסרעכענונג, אָן פּלענער.

אויף די גאַניקעס די ברייטע,
הילצערנע, מיט שטיין געפּלאַסטערט,
זיצן אַלטע, דיקע בורעס

מיט די בערד לאַנג, אומגעקעמטע,
קײען טאַבאַק אָן אַן אויפהער,
רויכערן זיך לאַנגע ליולקעס,
שלינגען רויך מיט גרויסן חשק
און אין גאַס אַריין ווייט שפּייען...

*

אַ יונגער, אַ האַלב־נאַק׳טער קאַפיר
יאָגט פון פעלד אַ סטאַדע ציגן,
קנאַקט אַ בייטשל מיט נצחון
מיט אַ זעלטענעם פאַרגעניגן...

זעסט: עס גייען קאַפיר־פרויען,
אין דער הויך די קעפּ געהויבן,
אויף די קעפּ איז אָנגעלאָדן
שווערע פולע עמערס וואַסער,
דאָך זיי שאָקלען זיך און טענצלען,
פריי און פריילעך און צופרידן.
אין דער קווער, ביים ברעג פון קירך־גאַס,
אויף אַ בערגל, שטייט די גרויסע,
די „רעפאָרם־קירך פון האָלאַנד",
אַ פּינפקאַנטיקע געביידע.
מיט צוויי פליגלען ביי די זייטן,
מיט צוויי שיין־געשפּיצטע טורעמס,
און אין מיטן איז דער העכסטער

טורעם, מיטן שפּיץ דעם שאַרפן,
גלייך און שטאָלץ און נישט באַצלמט...

ווייטער, נידעריק אַרונטער,
ביי דעם צווייטן גאַס־בּרעג שטייט זיך
אַ פאַראומערטע, פאַרשעמטע,
נידעריקע, קיילעכדיקע
שמאָלע גראָע „קירך פון ענגלאַנד".
עס באַשיינט איר נאָר אַ שלאַנקער
טורעם מיט אַ שפּיץ אַ הויכן,
מיט אַ גרויסן צלם אויבן...
דאָרטן זעסטו שיינע הייזער,
פיין געפאָרמט און געפאַרבן,
קליינע גערטנדלעך פון פאָרנט
און באַבוימט, באַבלומט, באַפּוצטע,
ס׳קליינע ענגלישע געמיינדע
לעבט אין די געפּוצטע הייזער.

די געפּענקעניש־גאַס ציט זיך
פון דער טונקל־גראָער תפיסה,
אויסגעבויט פון גאַנצע שטיינער,
און אַרומגערינגלט איז זי
מיט אַ הויכער וואַנט אַ דיקער,
וועלכע איז באַדעקט פון אויבן
שאַרפע שטיקער גלאָז צעהאַקטע...
און פאַרזיכערט און באַפעסטיקט

איז די וואַנט מיט דאָרן־דראָטן,
איינגעפלאָכטן שטאַרק און טאָפּלט...

דאָס געריכט איז לעבן תפיסה
מיט די פּאָליציי־קוואַרטירן,
און דערבײַ — אַ גראָ געביידע,
דאָס איז מאַלפּנהיימער פּאָסט־הויז,
אַ פאַרנאַכלעסיקטע, טריבע,
בײַ דעם שוועל — אַ האָלצן בריקל
אויסגעבויגן, האַלב צעבראָכן.

אָנגעשפּאַרט בײַם סלופּ פון פּאָסט־הויז,
שטייען עטלעכע באַאַמטע
די העמדער־אַרבל אַרויפגעקאַטשעט,
רויכערן, גענעצן און קוקן...

עפּעס ווייטער איז אַ ביסל
לעבעדיקער, מער באַוועגונג.
דאָרטן איז דער מאַרק פון שטעטל,
האָלץ־סלופּעס באַדאַכט מיט בלעכן,
אַלטע, לאַנגע, שמאָלע טישן,
אָנגעפּאַקט מיט פרוכט און גרינסן,
באַלן מעקענע, לוסערן.
און דערבײַ, אויף דר׳ערד, דאָרט שטייען
עטלעכע געפּאַקטע קאַסטנס
הינער, הענער, גענז און ענטלעך.
שטייט אַ פּובליקום פאַרחלומט

און הערט שטיל זיך צו געדולדיק
צו דעם מאָנאָטאָנעם ניגון
פונם אַקציאָנער אין מיטן,
וואָס באָט אָן, פאַרקויפט די סחורה.
פלוצלונג ווערט דאָרט אַ גערודער,
אַ געפלי, געלויף און פלאַטער,
ס'האָט אַ רויטער האָן אַ פעטער
זיך אַרויסגעריסן האַסטיק
פון אַ קאַסטן, און גענומען
פיסלעך שטעלן, פליגלען הייבן
מיט אַ קרייעניש=געשרייען
זיך אַוועקגעלאָזן לויפן
מיטן גאַנצן הענער=כּוח,
מיט אַ שרעק און מיט אַן אימפּעט,
פון דער פרישער לופט דערמוטיקט
און פון לאַבעדיקער פרייהייט,
מיט אַ „קוקערעקו" לויפט ער,
פאַטשנדיק מיט זיינע פליגלען.
ס'יאָגן נאָך אַ צענדליק מענטשן
דעם צעווילדעוועטן שרייער...
אַ געלבערדיקער, געזונטער
פויער יאָגט זיך נאָך אָן אָטעם,
פאָכעט מיט די הענט די לאַנגע,
אָט, אָט כאַפּט ער אָן דעם האָן שוין!
אָבער מיטאַמאָל דערלאַנגט ער
גיך אַ פאַל און ציט זיך אויסעט,
ווי אַ קלאָץ אַ לאַנגער, שווערער,

און ס׳צעשווימט זיין באָרד די געלע,
אויף דער האַרטער ערד צעשפּילט זיך...

*　　*
*

און פון צווייטן זייט פון מאַרק־פּלאַץ
שטייט די „שטענדערד״ באַנק די אַלטע,
אַ פּאָר אַלטע ציפּרוס־ביימער
און אַ פעפער־בוים אַ ברייטער,
וואַרפן דאָרט אַרויף אַ חשיבות.
ס׳ציט זיך דאָרט אַ גאַנצע שורה
„שאָפּן״ גרויסע, „שאָפּן״ קליינע,
אַן אַפּטייקל און אַ „קעפי״,
און דער „מאַלפּנהיים־האָטל״ דאָרט.
זעסט עפּעס אַ גאַנג פון מענטשן.
שטייט מען דאָרטן און מען שמועסט,
מ׳גייט אַריין זיך שטיל און רויִק,
און מען קומט אַרויס גאַנץ פריילעך...

און פון ווייטנס גלאַנצט די „דאַם״ דאָרט,
ס׳הייסט: אַ גרויסער וואַסער־זאַמלונג.
נעמט עס רעגענען — כאָטש זעלטן —
שטראָמט עס שטאַרק פון אַלע זייטן,
שפּאַרט עס מעכטיק מיט אַ ליאַרם
גאַנצע כוואַליעס רעגן־וואַסער
פאַלט אַריין אין „דאַם״ און בלייבט דאָרט

אויף דער גאַנצער צייט פון טריקעניש,
טרינקט דערפון דאָס גאַנצע שטעטל,
אי די מענטשן, אי די בהמות;
און עס קלעקט נאָך—„מעשה־ניסים״—
צו באַוואַסערן די גערטנער.

אויף דער אַנדערער זייט פון „דאַם״־בריק
ליגט דער קאַפּירשער „לאָקיישן״ —
אַ „מחוץ־למחנה״־שטעטל —
אָפּגעזונדערט פון די ווייסע...
„הייזלעך״ — רופט מען עס דאָרט כּלומרשט,
אָבער גיכער זענען עס קברים,
אויסגעמאַכט פון אַלטע בלעכלעך,
צוגעדעקט מיט אַלטע שמאַטעס.
לעבן דאָרטן אינעווייניק
פיל נפשות אָנגעפּאַקטע —
אויב מען קען גאָר רופן „לעבן״
הונגער, עלנט, שרעק און חושך — — —
נישט קיין בעטן, נישט קיין טישן,
נישט קיין שטולן, נישט קיין דילן,
הינטישע הייזלעך זענען בעסער!
לויפן קינדער באָרוועס, נאַקעט,
אויסגעהונגערט, ביין און הייטל!...
דאָך אין זיינע צרות, דחקות
האַלט דער קאַפיר מוט אינגאַנצן.
זעסט אים זייער אָפט גאָר פריילעך,
טאַנצט, צעזינגט זיך הויך און הוליעט.

זע! דאָרט זיצט אַ יונגער קאַפּיר,
האַלט אין האַנט אַן אינסטרומענטל,
אויסגעמאַכט פון בלעך און דרעטלעך
מיט אַ פיין־געטאָקטן הענטל,
ס׳קלינגען פיינע, ווייכע טענער,
שפּילט ער און צום טאַקט זיך זינגט ער:
„...ווער קאָן וויסן, ווער קאָן פילן
מיין געמיט דעם טריבן שווערן?
שונאים האָבן מיך געפאַנגען,
האַלטן מיך אין צוויק געבונדן.״— — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —



# מאַלפּנהיימער יידן

לעבן זיך אין מאַלפּנהיים דאָ
הונדערט יידישע נפשות.
צוואַנציק קרעמער, דריי קצבים,
און אַ מנין שפּעקולאַנטן.
שניידער צוויי, און איך צוויי שוסטערס.
אַדוואָקאַטן צוויי, איין דאָקטאָר,
און דער באַלעבאָס פון גרויסן
„מאַלפּנהיים־האָטעל"—דער קצין.
האָבן אָט די אַלע יידן
אַ פאַרגאַנגענהייט אַ גלייכע,
איין געשיכטע האָבן אַלע:
פון דער ליטע, פוילן, קורלאַנד
זענען זיי אַהערגעקומען,

עלנט, הילפלאָז, אָן אַ פּרוטה,
יונגערהייט די היים פאַרלאָזן,
קינדער נאָך כמעט געוועזן,
נישט באַוויזן דאָרט צו לערנען,
און געבליבן „אויסגעבילדעט“...
גרינע אָרעמע אימיגראַנטן,
זענען זיי צופוס געגאַנגען
איבער דערפער פון מדינה,
אָנגעבאָרגט האָבן זיי סחורה,
און געשלעפּט אויף זיך די פּעקלעך
צו פאַרקויפן צו די בורעס.
ביי די בורעס הייסט עס: „שמויזער“.
אויף די פּלייצעס ליגט אַ פּעקל,
אויף דער זייט אַ וואַסער־זעקל,
און אין האַנט דער וואַנדער־שטעקל...
האָבן בורעס זיי באַהאַנדלט,
ווי די בעטלער,— — — און זיי פּלעגן
געבן זיי דאַן צו פאַרדינען
עפּעס פון רחמנות וועגן...
גאָטספאָרכטיקע זענען בורעס,
און זיי ווייסן פון דער ביבל,
אַז די נע־ונדישע „שמויזער“
זענען פון דעם „עם־הנבחר“,
אָט די קינדער פון אברהם,
וועמען גאָט אַמאָל געזאָגט האָט:
„ווער דיך בענטשן וועט, אברהם,
דער וועט אויך אַליין געבענטש זיין...

און דורך דיינע קינדער ווע̃לן
אַ̃לע פע̃לקער ברכות האָבן...״
ווען פון גיין צופוס מיט משא,
זענען זיי שוין אויסגעמאַטערט,
אָפּגעברענט פון גרויסע היצן,
און די פיס אָוועקגעפטרט —
האָבן זיי געקויפט פיר אייזלען,
מיט אַ קאַר, שוין האַלב=צעבראָכן,
אָנגעפּאַקט אין קאַר מער סחורה,
און אַזוי אַרומגעפאָרן,
האַנדלענדיק צווישן בורעס
אין די הייסע וויסטעניִשן,
אויסגעפייניקט און פאַרחושכט
פון די ווינטן, פון די שטויבן,
און פון פיל עבודת=פרך.
טרעפט עס אָפט אַ ווילדער שטורעם,
קערט ער בערג, און וועלטן רייסט עס,
זאַמד=בערג הויבן זיך אין לופטן.
דאַן ערשט פילט דער טריבער „שמויזער“,
אַז ער איז פאַרוואָגלט, אָרעם,
בלינד פון זאַמד, צעדולט פון שטורעם,
עלנט, נישטיק, ווי אַ וואָרעם...
ס׳טרעפט: עס קומט אַ גרויסער רעגן,
דונערן צעפלאַצן, קראַכן...
ס׳דוכט זיך: אַז דאָס בליצן=פייער
וועט אַ תּל פון אַלץ באַלד מאַכן...
און דער הימל איז געעפנט,

ס׳גיסט אַ מוראַדיקער מבול
מיט אַ רוישעריי און טומל
מיט אַ שרעקלעכן געפילדער,
שטעלן זיך אַוועק די אייזלען
ווילד צעשראָקן... איינגעשפּאַרט זיך
מיט די פאָדערשטע צוויי פיסלעך —
נישט גערירט זיך, נישט געשאַרט זיך.
פאַרקאַפּריזעט בלייבן שטיין זיי
מיט די קעפּ צו ברוסט געבויגן,
שטייף פון שרעק די לאַנגע אויערן,
און פאַרשטאַרט די נאַרישע אויגן...
אָן אַן אויפהער שטראָמט דער רעגן,
פון די פעלדער טייכן מאַכט ער,
און דער אומגליקלעכער „שמויזער״
ליגט אַ נאַסער, אַ פאַרשמאַכטער,
אויף זיין קאַר, אויף זיינע פעקלעך,
ס׳טרייסלען אים די גלידער, ביינער
פון דער קאַלטער נאַסקייט... פּלוצלונג
וויינט ער, קלאָגט ער זיך פאַנאַנדער...

* * *

...עפּעס לייכטער ווערט דעם „שמויזער״,
ווען ער קאָן אַ וואָגן קויפן —
מיט אַ דריי=פיר יאָר שפּעטער —
ווען, נאָך פיל און שווערער אַרבעט,
געלט אַביסל אָנגעקליבן,

ווערט דער וואָגן, מיט מער אייזלען,
דורך אַ קאַפּיר אָנגעטריבן...
ווי אַ הייזל, איז דער וואָגן
אָנגעלאָדן פול מיט סחורה,
שיצט עס אים פון שטורעמווינטן,
האָט פאַר רעגן נישט קיין מורא...
טרייבט דער קאַפּיר אָן די אייזלען
מיט אַ בייטש אַ זעלטן לאַנגן — — —
און צום טאַקט פון רעדער־קרעכצן
זינגט ער קאַפּירשע געזאַנגען...
קומט דער „שמויזער" אָן צום פּאַרמער,
זעט דער בור דעם פיינעם וואָגן...
וווּנדערט ער זיך, און עס טרעפט אָפּט,
אַז ער קוקט אַזוי פאַרדריסלעך,
קאָן כמעט עס נישט דערטראָגן...
קנאה, גוייִשע געדאַנקען
לעבן־אויף דעם בור אין זינען,
און פאַרגעסט אַ ווײַלע פרומקייט,
און פאַרגעסט די פיינע שבחים
פון דעם פאָלק דעם „אויסדערוויילטן",
מיט די, וועלכע אָנגעפילט איז
זיין באַליבטע דיקע ביבל,
און פאַרגעסט זיין פאַרגעניגן,
וואָס ער שעפּט אָפּט פונם „תהלים",
וואָס געשאַפן האָט דער גרויסער,
ייִדישער זינגער קעניג דוד,
וועלכער טייער איז אים, הייליק...

„יע... דאָך דודס אייזלען האָבן
בורישע פעלדער נישט געטראָטן.
אָבער אָט דעם „שמויזערס" אייזלען
טרעטן, פרעסן אָפּ די פעלדער;
און די שווערע וואָגן=רעדער
מאַכן גריבער אין די וועגן...
און אַ גאָר צו=שיינעם וואָגן
האָט דער „שמויזער"!... אַזאַ וואָגן
קאָן ער אים גאָרנישט פאַרגינען!
ווערט דער בור שוין מלא=שנאה,
נעמט דעם יידן רשעות ווייזן,
גיט קיין וואַסער נישט די אייזלען —
און דער „שמויזער" מוז דאָך שווייגן...
שפּאַנט ער אויס די מידע אייזלען,
איז דער פויער נישט צופרידן.
פרעגט דער ייד אים: „ווילסטו האַנדלען?"
זאָגט ער: „כ'האַנדל נישט מיט יידן!
ווייל איר, יידן, פעקל=טרעגער,
נעמט גיך צו דעם בורס פאַרמעגן,
גאָרנישט לאַנג צופוס געטראָטן...
מיטאַמאָל אַ רייכן וואָגן!..."

מוז דער „שמויזער" ווייטער ציען,
גאַנץ באַטריבט, אין האַרצן וווּנדן,
אָפּטמאָל הונגעריק און דורשטיק —
ביז ער טרעפט די גוטע קונדן...

*

די געשעענישן אַלע
פון דעם גאַנצן „שמויזער"־זמר
האָבן דורכגעמאַכט די אַלע
מאַלפנהיימער ייִדן קרעמער.
נאָך אַ צענדליק יאָרן „שמויזען"
צווישן פויערן, פאַרפויערט,
אַלע פיינע גוטע זיטן
אויסגעוועפּט און שוין פאַרזויערט —
האָבן זיי געעפנט קראָמען
דאָ, אין מאַלפנהיים און געגנט.
ס'האָב אין ביזנעס קאָנקורענטן,
קריגן זיך צוליב די קונדן,
זענען הערצער פול מיט שנאה.
דאָך עס קומט אַ צייט פון שלום —
נאָך סטנס קריסטלעכע חגאות,
ווען עס שבתן פריי אַלע —
ליבע, פרידן רוען דאָרטן.
קומט מען זיך צונויף, ווי ברידער —
און מען שפּילט אַ סך אין קאָרטן...

*　　*
*

וואַקסט די מאַלפנהיימער קהילה
אָן אַ פירער, אָן אַ רבין,

און די ייִדישע קינדער ווערן
אויפגעבראַכט אין לאַנדישן לעבן,
און פון אייגענעם דערווייטערט.
הערן טעגלעך אין די גאַסן
נאָר „סאַלווישן־אַרמיי־ספּיטשעס"...
אַלע טאָג די זעלבע דרשות,
וועלכע ווירקן אויף די קינדער...
און אין „שקול" דאָרט זענען לערער,
מערסטנס טריי עוואַנגעליסטיש,
רעדן זיי פון „גוטע זיטן",
וועלכע ס'האָבן נאָר די קריסטן...
פון דעם „שרעקלעכן יהודהן",
„וועלכער האָט גאָטס זון באַטראָגן
צו דערמאָרדן... ווענעס שולדן
ייִדן עד־היום נאָכטראָגן..."
וואַקסן טעכטער ביי די יידן,
ווי די בלומען, ווי די רויזן,
„שקול־פריינט" פון דער יוגנט גויים,
גלייך מיט זיי זיך דאָ דערצויגן.
אָפט פאַרברענגט מען זיך צוזאַמען,
און מען קוקט זיך אין די אויגן...
קומט פון גויס העל־בלאָע אויגן
אָפט אַ בליק גאָר אַ פאַרשייטער,
ווארעם ענטפערט אים דאָס מיידל,
און דאָס פירט שוין ווייטער, ווייטער...
אַנדערע גויים־פריינט דערציילן
אַנעקדאָטן וועגן ייִדן

ווי זיי נאַרן אָפּ די גוייִם...
און מען לאַכט אַזוי צופרידן.
און זיי לאַכן, מאַכן חוזק,
שפּאָטן אָפּ ווי „דזשייקאָב", „אייזיק",
רעדן ענגליש מיט אַן אויסשפּראַך,
גאָר משונהדיק און גרייזיק...
און זיי שפּאָטן אָפּ, ווי „מאָזעס",
פּירט מיט „אייבּרעמען" אַ שמועס,
מאַכן מיט די הענט און פּאָכען
מיט די עקלהאַפטע תּנועות...
און מיט חשק און מיט נחת
הערן דאָס די ייִדישע טעכטער,
גלאָצן פריילעך מיט די אויגלעך
קייכן זיך פון גרויס געלעכטער...

*

ס'איז קיין שול נישטאָ, נאָר ייִדן
גיבן זיך אַ קלוגע עצה,
מיט אַ „מנין" צו יאָרצייט
איז מען שוין באַפרידיקט, יוצא!
קויפט מען אַ ספר־תורה,
און דערצו נאָך אַ מגילה,
ס'ליגט דאָס גאַנצע יאָר באַהאַלטן,
דאָך צופרידן איז די קהלה.
מען באַגנוגנט זיך אום פּסח
מיט די פולע כוסות טרינקען,

מיט „לחיים“ — שמחת־תורה,
מיט אַ סעודהלע אום פּורים,
און נאָך מערער היטן יידן,
ווי די הייליקסטע געבאָטן,
שפּילן חנוכּה אין קאָרטן...
אָט אַזוי באַגנוגענען זיך
דאָ די מאַלפּנהיימער יידן,
טרייסטן זיך מיט דימענט־רינגען,
פּראַכטיקע אויטאָמאָבילן,
טרייסטן זיך מיט גוטע „ביזנעס“
אויף די היימישע שבתים,
און די הייליקע יום־טובים,
וואָס זיי האָבן דאָ פאַרלוירן.
דאָך יום־כּיפּור, ראש־השנה,
ווערט מען אומרויִק, פאַרציטערט,
פילט מען זיך פון הפקר־לעבן
אויסגעמאַטערט און פאַרביטערט...
פילט מען זיך אַזוי פאַרשולדיקט,
און דאָס לעבן איז נישט ניחא...
ציט דאָס האַרץ אַזוי צו תּפילות,
און צו אומעטיקער סליחה...

קומען זיך צוזאַמען אַלע
צו אַ מיטינג... יעדער פּנים
גלאַנצט פון שמחה, אויסגעפּוצטע
גאָר, ווי חתונה־מחותּנים,
מיט די דיקע זייגער־קייטן,

און אין מויל די לאַנגע ליולקעס,
אַנדערע מיט אָפ׳נע מיילער,
אַנדערע, פאַר וווּנדער, האַלטן
תּמעוואַטע אויגן אָפן,
אַנדערע אַוועקגעזעצט זיך,
און אָט באַלד דאָרט איינגעשלאָפן...

הויבט דער עלטסטער אָן דעם מיטינג
מיט אַ לאַנגוויילּיקער דרשה,
ברייט אָן ענדע, מאַכט גרימאַסן,
שטאַמלט אונטער, ווערטער קייט ער,
ביז ער גייט אַריין אין חדווה,
און וואָס ווייטער, העכער שרייט ער:
„ס׳איז אַ חרפּה און אַ שאַנדע,
אָן אַ „קאָנגרעגיישן" לעבן,
און דערצו נאָך אָן אַ שוחט,
אָן אַ מוהל, אָן אַ רבין!"

ווי דער איינער האָט געענדיקט,
הייבן אָן באַלד גאַנצע ביין
יידן, אויף די העכסטע שטימען,
אַלע אויף אַמאָל צו שרייען.
אַלע ביין זענען קרעמער,
קאָנקורענטן גאָר פאַרביסן.
דער שרייט: „טשערמאַן! ווער׳ט זיין גבאי?"
דער שיסט אויס מיט אַ געלעכטער:

„הי-הי-הי" און „כאַ-כאַ-כאַ" קלינגט,
„מ'וויל אונז פאַר צדיקים מאַכן!"

דאָך נאָך לאַנגן רויש און טומל,
און נאָך לאַנגן ליאַרמען, שרייען,
מיט געפּילדער ביזן הימל,
און נאָך לאַנגע זידלערייען
און נאָך קלאַפּעניש אין טישן
איז געוואָרן אָנגענומען:
ס'ווערט געמאַכט אַ „קאָנגרעגיישן",
און עס מוז אַ „רעווערענד" קומען.

* *
*

און אין גיכן ווערט דאָ ווידער
נאָך אַ מיטינג אָפּגעהאַלטן,
ווידער קלאַפּט מען אין די טישן,
און די קולות דעכער שפּאַלטן.
ס'איז אַ יום-טוב ביי די יידן
פון דער מאַלפּנהיימער געגנט —
ס'קומט היינט אָן דער ערשטער רעווערענד,
וואָס די קהלה האָט גערופן.
ווערט באַהאַנדלט איצט מיט שטורעם:
וואָס פאַר אַ קבלת-פּנים
זאָל מען געבן דאָ דעם רבין,
וואָס פאַר כבוד זאָל מען טאָן אים.

הוליעט יידן, פויקט און ליאַרמט,
רוישט און פילדערט, קלאַפּט די טאַצן!
ס'איז דאָך עפּעס פּאַר אַ מצווה —
מעג מען זיך אַפילו פּאַטשן...
יע, ווען אונזער גאָט דער גוטער
האָט געגעבן אונז די תורה,
פייער־בליצן האָט געמאַכט ער,
דונער־קלעפּ, אַ שרעק, אַ מורא!...
ס'האָט די וועלט דאַן אויפגעציטערט
פון די בליץ־און דונער־קראַכן.
און עס איז באַוווּסט: אַ למדן,
יע, אַ רבי, תלמיד־חכם,
איז געגליכן צו דער תורה:
וואָס עס האָט פּאַסירט די תורה,
האָט דעם למדן אויך געטראָפן,
ביידע האָט מען שלעכט באַהאַנדלט,
ביז געטאָן גאָר פריי און אָפן...
ביידע האָבן ווילדע מענטשן,
פאַנאַטיקער, געברענט, געבראָטן,
און מיט גראָבע פיס די שווערע
האָט מען ביידע שטאַרק געטראָטן!...
טאָ ווי די תורה איז געקומען
אין בליץ, אין דונער־שטורעם גרויסן,
אַזוי זאָל אויך דער רבי קומען
צו מאַלפּנהיימער קאָנגרעגיישן...

איינער שרייט: „איך האָב אַ מאָטאָר!“
שרייט אַ צווייטער: „איך וואָלט זאָגן,
אַז דער שטאַרקסטער ייִד פון אונז דאָ,
זאָל אים אויף די פּלייצעס טראָגן.“

לאַכט דער שוסטער הויך און קאָמיש:
„וועסט צעבּרעכן זיך דעם רוקן,“—
און דערצו אַ וויץ אַ גראָבּן,
וואָס מען קאָן עס גאָרנישט דרוקן...
—„לאָמיר גאָר דעם נייעם רבּין
מיט הקפות איבּערנעמען“,—
זאָגט דער שוסטער — „לאָמיר הוליען,
ס׳איז נישטאָ זיך וואָס צו שעמען.“
הויבּט זיך אויף דער קלוגער שניידער,
מאַכט צום שוסטער: „רעדסט פון שלאָף עס!
גאָר אין מיטן דרינען טאַנצן,
אינדערוואָכן, מיט הקפות?!
זעט איר אַלע, אַז דער שוסטער
האָט גאָר פּניות, איך קאָן שווערן,
יע, ער וויל מיר זאָלן טאַנצן,
ס׳זאָלן די שיך צעריסן ווערן,
אום מיר זאָלן נאָכדעם דאַרפן
אים די שיך פאַרריכטן געבּן!“
ווערט דער שוסטער בּלאַס פון כּעס,
זאָגט ער: „ייִדן, ליבּע, גוטע,
הערט נישט, וואָס אַ שניידער פּלוידערט,
און, בּפרט נאָך, אַ לאַטוטע,

אַ גלייכוווערטל איז פאַראַנען, —
איך געדענק עס פון דערהיים נאָך,
אַז אַ שניידער איז קיין מענטש נישט,
ווי אַ ציג איז קיין בהמה"...
ווייל דער שניידער ענטפערן אים,
לאָזט דער קצב אים נישט רעדן,
גיט אַ קלאַפּ אין טיש מיט כּוח:
—„כאַפּט אַ רוח גאָר אייך ביידן!"

* *
*

סאָלי טרייפמאַן הייסט דער קצב,
אַ געזעצטער יונג, אַ שטאַרקער,
מיט אַ קיילעכדיקן פּנים,
דיקע באַקן, ווי געשוואָלן,
קליינע, חוצפּהדיקע אויגן
גלאַנצן פריילעך, פול מיט לעבן,
אַ צופרידענער, אַ זאַטער,
רעדט ער אויף אַ קול אַ הויכן,
אויסגעשטעלט זיין ברוסט די פעטע,
מיט אַ חשיבות, מיט אַ גאווה.
אַלע ווייסן: סאָלי טרייפמאַן
איז אַ פּראָסטער יונג, אַ גראָבער,
האָט אַ גרויסן מויל, אַ לויזן,
לייטן אַטאַקירט ער מיאוס,
האָט אָבער אַ האַרץ אַ גוטס,

טוט אַ ייִדן אָפּט אַ טובה,
גרייט אים אין אַ נויט צו העלפן,
און ער שטייט קיינמאָל נישט אָפּעט
פון צו געבן אויף אַ צדקה,
סיי פאַר ייִדן, סיי פאַר גויים,
כאָטש ער בייזערט זיך און ברומט אַלץ:
„ס'איז נישט אויסצוהאַלטן טאַקע
פון די קלייבער, פון די בעטלער!"
ענדלעך גיט ער ווי ער קאָן נאָר,
אָנקומען צו אים אָפּט מוז מען.
זייענדיק אַ מאַן אַ רייכער,
לעבט ער ברייטלעך אין גרויס לוקסוס,
אין אַ רייכן הויז אַ פיינעם,
אַ מאָדערן ווייבל האָט ער,
וועלכע ליבט זיך אויסצופּיינען,
אַלעמען אַרויסצעווייזן
איר'ע האָב און גוטס און רייכטום,
מאַכט זי מאָלצייטן און בעלער
קאָרטן־פּאַרטעס אַלע ווייַלע,
ווערן איינגעלאַדן האַרציק
אַלע ייִדן און אויך גויים,
און מען גיט געריכטער פיינע,
און געטראַנק מיט פולע מאָסן.
און דורך דעם ווערן די טרייפמאַנס
אָנגעזען ביי מאַלפנהיימער...
האָבן אים געמאַכט די יידן
פאַר „קאַסיר" פון זייער קהלה,

האַלט ער זיך שוין פאַר אַ מנהיג.
שרייט ער מיט אַ גראָבער שטימע,
קוועטשנדיק די ברייטע פלייצעס:
—„אַ וועלט דאָס איז! אַז אַ שוסטער, שניידער
זאָגן דעות, גיבן עצות!“ — — —
שווייגן אַלע, נאָר דער שניידער
קאָן דאָס נישט אַריבערטראָגן,
שפרינגט ער אויפגעקאָכט און האַסטיק,
זאָגט ער: „טאַקע, כ׳בין אַ שניידער,
ס׳איז אַן ערלעכע פרנסה,
ווייסטו אָבער, אַז קצבים
זענען שותפים פון עמלק?
און עס זאָגט די וועלט דערצו נאָך:
„אָך און וויי איז צו עמלקן,
וואָס׳ר אַ שותף מ׳האָט אים געגעבן!“———

— — — ווערט אַ טומל, אַ געפילדער,
פלוצלונג ווערט די טיר געעפנט,
דער „רעווערענד“ איז אַריינגעקומען.



# מאַלפּנהיימער חתונה

## 1

פּלייסיק, היציק, האָט די הייסע
אַפריקאַנער זון געאַרבעט
שווער אַ טאָג אַ גאַנצן לאַנגן.
אָפּגעפּאַרטיקט שוין די אַרבעט,
לאָזט זי זיך אַרונטער לאַנגזאַם
אין די פּייער-רויטע שטראָמען
דאָרטן, צווישן ערד און הימל,
באָדט זי זיך דאָרט אין אַ רחבות,
וואַשט זיך אָפּ איר העלן קערפּער
אין די רעגנבויגן-פּאַרבן,
און אַ לויטערע, אַ קלאָרע,
גליטשט פּאַמעלעך זיך אַרונטער
צו איר רו-געצעלט דעם שטילן,

װעלכער איז אַרומגערינגלט
מיט אַ ראָם פֿון גאָלד און פֿלאַמען.
איידער זי װערט דאָרט פֿאַרשװוּנדן,
װאַרפֿט זי פֿון דערװײַטנס ליבלעך,
ברענענדיקע אָפּשייד־קושן
צו די הויכע בערגישע שפּיצן
בײַ דעם מאַלפֿנהיים אַרײַנגאַנג.
דאָרנבײמלעך אויסגעדאַרטע,
אויסגעטריקנטע פֿון זון־בראַנד,
ברענען אויבן אויף די פֿעלז־בערג.
אפשר קומט עס פֿון די קושן,
װאָס די זון האָט צוגעװאָרפֿן
צו די הויכע פֿעלז־בערג אויבן,
פֿון איר היציקער באַרירונג
האָט אַ פֿײַער זיך צעפֿלאַקערט...
הויבן זיך די פֿלאַמען־זײַלן,
שפּאַרן, רײַסן זיך צום הימל...

צו דעם װוּנדערבאַרן פֿײַער
קוקט אַרויף אַ שײן מײדל —
מינע הײסט זי — זי שפּאַצירט זיך
אין דער געגנט, צו באַטראַכטן
פֿײַנע זון אונטערגאַנג־סצענעס.
קוקט דערשטוינט די שײנע מינע,
ס׳פֿײַער אויפֿן באַרג דעם הויכן,
פֿליט דורך מינען אין געדאַנקען:
—„פֿלאַקערן װעט ס׳פֿײַער דאָרטן,

אָן אַ ציל וועט׳ס ברענען, ברענען,
ס׳וועט דאָך קיינמאָל נישט פאַרברענען,
און פאַרניכטן אָט די פעלז־בערג.
אַנדערש אָבער איז דאָס פייער.
וועלכער פלאַקערט אין מיין האַרצן!...

* * *

צוויי־און־צוואַנציק יאָר איז מינע,
יוגנט־ראָזקייט שפּילט זיך פרייליך
אויף איר אייבערט־פאַרביק פּנים.
אירע חן־באַהויכטע ליפּן,
פולע, רויטע, תמיד שמייכלען.
שלאַנק און שטאָלץ, קאָפּ געהויבן,
שוועבט אום מינע אין איר וועלטל
מיט די קלוגע אויגן אָפן,
שטראַלנדיק סענטימענטאַלע
יוגנט־סודות און מחשבות...

...ס׳איז אַזוי פיל דאָ צו טראַכטן!
און צו לערנען, און צו פאָרשן
אין דער וועלט, וואָס מיר באַזיצן.
ס׳קאָן דאָס לעבן גאָרנישט סטאַיען
אַלץ צו קאָנען, אַלץ צו וויסן...
ס׳זענען דאָ אַזוי פיל מינים
מענטשן גאָר אַזוי פאַרשיידן,

חיות אַלערליי אָן ענדע...
ווען זי זיצט זיך אין איר גאָרטן
אונטער דיקע פייגנביימער,
אָדער אונטער וויינטרויב=ביימער —
רינגלען איר אַרום פיל שרצים,
פליגן, באַבעלעך און זשוקלעך,
אין פאַרשיידענע קאָלירן,
און זי ווייס גאָרנישט אפילו,
ווי זיי הייסן, און די עובדה,
וואָס זיי האָבן דאָ אין לעבן —
אָט די שפע קליינע שכנים,
וואָס מיט איר צוגלייך באַוווינען
די זעלבע ערד, דאָס זעלבע וועלטל...
ס׳זענען דאָך אַזוי פיל בלומען
אין איר בלומען=גאָרטן פאַראַנען! — — —
שוועבן אום אַזוי פיל פויגלען,
פלאַטערן און טאַנצן לוסטיק
און באַהדווהנען, פאַרזיסן
ס׳לעבן מיט די צווישטשערייען!

האָלט האָט מינע אָנצוקוקן
אָט די טענצערקע די „מאָסי“ [1]
מיט די גלאָז=אייגלעך די בלאַנקע,
די לאַנג=פיסלדיקע „העראָן“ [2],
און די „האַמערקאָפּ“ [3] ביים וואַסער,
ווו די זשאַבעס כאַפּט זי קונציק,
און די שטיפערדיקע „קוויקסטערט“ [4]

1), 2), 3), 4) אַפריקאַנער פייגעלעך.

װעלכע האָט אין איין באַװעגן
ס׳גראָע לענגלעך־שמאָלן עקל...
אָבער מער פאַר אַלץ האָט, מינע
האָלט — פאַר לאַנגע שעהן זיצן,
צוצוהאָרכן זיך צום זינגען
פון קאַנאַריקל דעם געלבן.
זי אַליין זינגט אויך. איר זיסע
שטימע הערט מען אויף קאָנצערטן.
איז אַ בריה אויף דער פּיאַנע.
מוזיקאַליש העכסט געראָטן,
און דערצו אַזוי באַשיידן.
פיינט האָט זי געמאַכטע חנדלעך,
האָט זי בייפאַל פיל ביי לייטן,
אי ביי ייִדן, אי ביי גוייִם.
איז עס גאָר אַ גרויסער װוּנדער:
װי עס קומט אַזאַ ליב מיידל
מיט אַזוי פיל גוטע מעלות
צו אַזאַ גאָר־פּראָסטן פאָטער.

## 2

סײמאַן מיסטמאַן איז איר פאָטער,
מאַלפנהיים־האָטעל־באַזיצער,
גרעסטער קצין פון דעם שטעטל,
האָט פיל הייזער, גאַנצע גאַסן,
האָב און גוטס, פיל געלט במזומן.

אין דערהיים, אין קליינעם שטעטל,
גראָביאַנישאָק, אין דער ליטע,
אין דער יוגנט איז געווען ער
אַ קאַרבעלניקל אַן אביון,
האָט געהאַנדלט דאָרט מיט שמאַטעס,
און מיט ביינער, און ער האָט דאָרט
„שייקע לופּעטניק" געהייסן.
יענע צייטן איז געווען דאָרט
אַ יתומה, אַן עלטער מיידל,
האָבן גוטע פרומע מענטשן,
מצוות־זוכער, פאַר דעם מיידל
אויף נדן צונויפגעקליבן,
און פאַרשדכנט זי צו שייקען.

האָט פּאַסירט אין נאַכט פון „תנאים":
אין דעם צימער שלאָפט די כלה,
און אין הויז איז שטיל און פינסטער,
ליגט זי אין אַ זיסן חלום —
ווי אין „שיר־השירים" זאָגט זיך:
„מיין געליבטער קלאַפּט אין טירל,
און צו מיר זיין שטימע טראָגט זיך...
קום, געליבטער, אין מיין צימער,
קום נאָר, זיסע, ליבע גיב מיר!
כ'וועל דיר נאָכלויפן — נאָר צי מיך!" — — —
פלוצלונג הערט זי אין איר שלאָפן
עפּעס שאָרכן, עפּעס קלאַפּן.
זאָל עס זיין דער חתן טאַקע?

יע, געוויס, דאָס איז דער חתן!
נאָר ער קומט נישט צערטלען, ליבן,
קיין ראָמאַנטישע געפילן
האָבן אים דאָ נישט געטריבן...
מיט אַ זאַק איז ער געקומען,
און גענומען פאַקן טאַצן,
גאָפל, מעסער, לעפל, בעכערס,
און געעפנט האָט דער חתן
דעם קאָמאָד, אַרויסגענומען
דעם נדן — אַ גאַנצן פעקל.
שלעפנדיק פון וואַנט אַ זייגער,
האָט אַ פוס ער אויסגעגליטשט זיך,
מיט אַ קראַך אַראָפּגעפאַלן.

אָט דער קלאַפּ האָט דאַן די כלה
אויפגעוועקט פון שלאָף און חלום.
—„ראַטעוועט" — האָט זי געשריגן,
נאָר דער חתן איז אַנטלאָפן,
האָט אַ זעץ געטאָן אין פענסטער,
און איוף שטיקלעך עס צעבראָכן,
מיטן פאַק, נדן און זעקל
דורכן פענסטער דורכגעקראָכן.
האָט געוואַלדעוועט די כלה,
אָנגעלאָפן זענען שכנים,
פּאָליציי און הינט, און וועכטער
נאָכגעיאָגט דעם פיינעם חתן,
אים צעקלאַפּט אויף פיינעם אופן,

נאָר דעם בראַוון פלינקן חתן
האָט געגאָלטן צו אַנטלויפן,
און ער האָט באַגליקט צו קומען
דאָ אין אַפריקע, דער פרייער.
אַפריקע די זוניק־זיסע,
לאַנד פון דימענטן, בריליאַנטן,
און פון גאָלד, וואָס רייניקט טומאה!..

צוגעפּאַסט זיך ס׳לאַנד צום אורח,
געלט געמאַכט האָט ער ווי בלאָטע,
און געוואָרן רייך, ווי קורח.
האָט ער זיך גענומען רייבן
צווישן לייטן, און דערלאַנגען
אַ פּאָר פונט פאַר ארץ־ישׂראל,
און דערפאַר אַ דאַנק פאַרלאַנגען.
שרייט אין גאַס: „איך גיב פיל צדקה,
כ׳היט אָפּ כשרות, שבת רו איך!“
מיט אַ מינעלע אַ פרומע
גנבהט ער פון גאָט און לייטן.
לאַכט מען אָפּ הינטערן רוקן,
מאַכט מען חוזק פון זיין צביעות,
נאָר מען ווייס, ער האָט האָלט כּבוד,
און ער לאָזט דערויף זיך קאָסטן,
חנפהט מען אים, מ׳גיט אים כּבוד,
און ער צאָלט דערפאַר אַ פולע,
קויפט ער זיך שוין פריינט געטרייע,
און ער ווערט איינגיכן גבאי,

איז קיין סוף נישט צו זיין גדולה.
קוועלט ער פשוט אָן פון נחת,
פילט זיך גליקלעך און דערהויבן,
רעדט ער תּקיפדיק מיט ייִדן
מעשה גרויסער, שטאָלצער הערשער,
האַלט זיך שוין פאַר אַ פּיקח,
גיט ער, אומגעבעטן, עצות,
זאָגט אויף אַלעמען אַ דעה,
און באַרימט זיך פאַר די גויים,
אַז ער איז דער ייִד דער גרעסטער,
און דערציילט זיי פון זיין כּבוד,
וואָס עס גיבן אים די ייִדן.
זאָגט: ער טראָגט זיי אויף די פּלייצעס,
און זיי ליבן אים און אַכטן
ווי אַ גוטן טרייען פאָטער.

# 3

שטרענג אין הויז ביי זיך רעגירט ער,
וואַרפט אויף אַלעמען אַ פּחד,
רעדט ער גראָב און בייז מיט רוגזה,
טוט עס ווי זיין טאָכטער מינען,
און זי קאָן מיט אים נישט שטימען,
אירע איידלקייט און מילדקייט,
זי אַזוי פון אים דערווייטערט!
ס'האַלט נישט אויס דער כּלל דער אַלטער:
„ס'פאַלט נישט ווייט פון בוים דער עפּל...“

זייער ווייט איז זי פון פּאָטער,
צוויי באַזונדערע נשמות,
קומט זיי אויס גאַנץ אָפט צו שטרייטן,
און צו האָבן וואָרט=מלחמות.
זי וויל לערנען, וויל שטודירן,
נאָר דער פּאָטער טענהט שטענדיק:
„נאָר אין קיך, דאָרט ביי דעם טעפּל
דאַרפן מיידלעך זיין געלערנט,
הויכע בילדונג איז נישט נויטיק,
און עס טרעפט, אַז שעדלעך איז עס.“
און ער ברענגט דערביי אַ ראיה
גאָר פון זיך אַליין, מיט גאווה:
—„זע, אָט איך האָב נישט געלערנט,
נו, וואָס שאַדט מיר? אדרבה —
בין איך נישט באַגליקט אין ביזנעס?
זענען געשטודירטע מענטשן
נישט מקנא מיר מיין רייכטום?“
אָדער: „זע, כ׳האָב נישט שטודירט דאָך,
ז׳דאָך מיין ענגליש אויסגעצייכנט!“
הערט די קלוגע מינע אויסעט
מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.
ווייס זי דאָך ווי עקלהאַפטיק
ס׳איז זיין פעלערהאַפטער ענגליש:
דאַרף ער זאָגן „ען עלעקשן“
זאָגט ער דווקא „אַקאָלעקשן“,
און אויף „קאָנפירמיישן“, זאָגט ער
אַ פאַרגרייזטן „פּערספּעריישן“.

ווייסט זי דאָך ווי לעכערלעך איז,
ווען ער מאַכט אַ „ספּיטש“ אין ענגליש —
ס׳קומט אַרויס אַזוי צעבראָכן,
משונהדיק אַזוי, און מיאוס.
בעט זי זיך אַזוי פֿיין, איידל:
—„פּאָטער, רעד שוין בעסער ייִדיש.“
פֿילט ער זיך אַזוי באַליידיקט,
און הויבט אָן מיט קולות שרייען:
—„האַלט דיין מויל, ס׳איז נישט דיין עסק!“
און דערצו נאָך זידלערייען.
זייער אָפּט צעוויינט זיך מינע,
אָפּטמאָל ווערט איר ענג דאָס לעבן,
צאַפּלט, רייסט זיך ס׳פֿרייע הערצל
מיט די מעכטיקסטע פֿאַרלאַנגען
צו אַנטלויפֿן... דאָך עס האַלט איר
צוגעצויגן, ווי מיט צוואַנגען,
איר געליבטער אַלבערט זינגער.

„גוטער, טרייער אַלבערט זינגער“ —
טראַכט זי תּמיד, און זי קוויקט זיך
מיט דער ליכטיקער מחשבה:
אַז אַזוי ווי אָנגעפּילט איז
איר געטריי האַרץ מיט ליבע,
וועלכע אים געהערט אויף אייביק —
אַט אַזוי אויך פֿול איז אַלבערטס
האַרץ און מוח אַלץ מיט איר נאָר.
„הימל ליבער!“ — מורמלט מינע

שטיל צו זיך אַליין — „אָ, הימל!
העלף דעם רעטעניש מיר לייזן:
ווי אַזוי, פאַרוואָס אָט דווקא
האָט דער איינציקער, דער אַלבערט,
פון די בחורים די אַלע,
וואָס איך האָב אַ סך באַגעגנט —
ער, דער איינציקער, געצויגן
האָט מיין האַרץ מיט ליבע־קייטן,
און צו זיך מיך צוגעבונדן,
אויפן וואָר ווי אויפן חלום,
און עס שרייט אין מיר מיט קולות
יעדער גליד: „כ׳געהער דעם ליבלינג!...“
איז זיין איידלקייט די סיבה?
זיין געברוינטער לאַנגער פנים?
אָדער האָט ער אָנגעלאָקט מיך
מיט די האָר זיינע די שוואַרצע,
און געדיכטע, וועלכע זענען
טיף געקרויזט, ווי „סנאַפּדראַנאָנען“?*)
אָדער, זענען עס די ליפּן
ווייכע, רויט, ווי „אַמאַראַנטן“?**)
אָדער, האָבן מיך באַצוווּנגען
זיינע פעסטע מוסקול־אָרעמס
מיט די ברייטע שטאַרקע פּלייצעס
פון אַ גיבור, ווי זיין פאָטער?“

*) אַ סאָרט בלומען. אין אַפריקאַניש הייסט עס: "Leeubekkies"
**) בלוט־רויטע בלומען. אין ענגליש הייסט עס ממש:
„Love-lies-bleeding“ („ליבע־ליגט־צעבלוטיקט“)

*

זי געדענקט גאָרנישט זיין פאָטער,
נאָר זי האָט געהערט דערציילן,
און געשלונגען אַלע פּרטים:
העלדיש איז געווען דער פאָטער
פון איר אַלבערטן דעם ליבן
אין דעם בורן=קריג דעם שווערן
אין די בורישע אַרמייען.
קעגן ענגלאַנד האָט געקעמפט ער,
גרויסע בריהשאַפט באַוויזן,
ווונדערלעכע מוט און גבורה.
אינם קאַמף פאַר רעכט און אמת,
פאַר דער פרייהייט פון די בורעס,
פאַר די קליינע רעפובליקן,
און ער האָט זיין יונגעס לעבן
אין דעם מעפקינג=שלאַכט *) פאַרלוירן.

*

קוים צען יאָר אַלט איז דער אַלבערט
דאַן געווען, ווען ס'אָנגעקומען
בריוו פון פירער פון מלחמה,
מיט די שבחים, מיט די מעלות,
וועגן אַלע בראַווע מעשים
פון געפאַלענעם העלד זינגער.
יונג געווען נאָך די אַלמנה,

*) אַ שטאָט.

אַלבערט זינגערס טרייע מוטער,
וואָס האָט אויסגעקלאָגט די אויגן,
און זיך נישט געלאָזן טרייסטן,
טענהנדיק: זי קאָן נישט לעבן
אָן איר הייס־געליבטן חבר.

אָפּטמאָל אָבער לעבט זיך דווקא
קעגן ווילן... און אַזוי אויך
האָט געלעבט זי אין איר אומעט.
נאָר צעבראָכן און דערשלאָגן,
פון איר אומגליק אַ פאַרשטומטע,
שווייגנדיק באַטראַכט זי ס'לעבן,
ווי אַ פוסט און נאַריש שפּילכל,
וואָס עס האָט גאָרנישט קיין מיינונג
אויסער טיפן צער און ווייטיק,
וואָס עס האָט איר האַרץ געטאָטשעט —
ביז עס איז זיך אויסגעגאַנגען,
ווי אַ ליכטל אויסגעלאָשן.
און נישט לאַנג האָט עס געדויערט,
ביז זי האָט אַ רו געפונען
אין איר קבר, איבער וועלכן
צניעותדיק זיך רויִק דרעמלען,
שטיל, פאַרחלומט, ראָזע „קאָזמאָס".*)

*) אַ סאָרט בלומען.

* *
*

זעכצן יאָר געווען איז אַלבערט,
ווען זיין מוטער איז געשטאָרבן,
און ער איז געווען געצוווּנגען
שקוּל און לערע אָפּצוּגעבן,
אוּן צוּ נעמען זיך צוּ „ביזנעס",
ס'הייסט: די שאָפּ, וואָס איז געבליבן
פוּן די עלטערן בירושה.
נאָר ער טויג גאָר ניט צוּ „ביזנעס".
שוואַכלעך אַרבעט ער, אָן חשק,
אָן ענערגיע, אויטאָמאַטיש,
יאָגט זיך נישט מיט מוּט נאָך לייזוּנג,
קליגט זיך נישט צוּ מאַכן רווח.
ווייסן קינד און קייט, אַז אַלבערט
האָט אַ האַרץ פוּן גאָלד אַ גוּטע,
גלויבט אויף יעדערנס נאמנות,
גיט אויף חוב און מאָנט קיינמאָל נישט,
האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן
קוּנדן פיל פוּן אַלע זייטן,
ווי די רויב=פייגלען באַפאַלן
אויף אַ טויטן קערפּער פרעסן —
און מע'ט אַלבערטן צעריסן,
צעראַבירט אים ס'ביסל סחורה,
און ער האָט זיין שאָפּ געשלאָסן.
אָרעם, ווי אַ קירך=מויז, איז ער

אָנגעקומען בײַ אַן אַנדער
רײַכן קרעמער צו באַדינען.
אַרבעט ער געטרײַ און פלײַסיק,
און דער באַלעבאָס באַמערקט אָפּט:
— „כאָטש פאַר זיך אַלײן צו פירן
ביזנעס, האָט ער נישט קײן מזל,
דאָך פאַר מיר ברענגט ער הצלחה!"

אָבער גאָר דער גרעסטער מוצלח
איז דער שטילער אַלבערט זינגער
אין דער ברײטער, פײַנער ספּאָרט־װעלט.
איז אין ספּאָרט אַ פיש אין װאַסער!
ס'איז זײַן חיות „גאָלף" און „טעניס".
„קריקעט" שפּילט ער אױסגעצײכנט,
אַ באַליבטער פוט־באָל „טשעמפּיאָן".
„אַלבערט זינגער, אַלבערט זינגער"
קלינגט עס אין די אַלע קלובן,
אָן אים הױבט זיך גאָרנישט אָן.
ער געװינט פאַר מאַלפּנהײם אַלץ,
אַלע „בעכערס", אַלע „פּרײַזעס",
און מען גיט אַ סך אים כבוד,
אױפן ספּאָרט־פעלד הױבט מען הױך אים,
און מען טראָגט אים אױף די פּלײצעס,
זינגנדיק אױף הױכע טענער:
„װײַל ער איז אַ גוטער חבר!" *)

*) אַ פּאָפּולער פאָלקס־ליד.

*

„חברשאַפט און ברידערלעכקייט
איז דאָס ספּאָרט־לעבן“ — טראַכט זינגער,
ווי אַ זון־בלום רייסט זיך, קערט זיך
צו דער זון אַלץ מיטן פּנים,
אַט אַזוי קערט זיך זיין האַרץ אויך
צו די ספּאָרט־גערעכטיקייטן.
ווייניק קימערט אים רעליגיע,
זעט נישט איין קיין נפקא־מינה
פון אַ ייִדן ביז אַ קריסטן,
ביידע האָט ער ליב ווי ברידער,
ביידע גלייך זיי וויל ער גוטס טאָן.
אַנדערש האָט ער אין זיין לעבן
קיינמאָל נישט געקאָנט גאָר קלערן.
ס'האָט די זעלבע אַפריקאַנער
זון זיי ביידע גלייך געוואַרעמט,
און די שטערן אין די הימלען
האָבן ביידן גלייך געפינקלט...
זיך ער דאָך אַזוי פאַרבונדן
מיט די גויים די חברים,
פרייט זיך גלייך מיט זיי אויף שמחות,
טאַנצט ביי זיי אויף חתונות אָפט,
האַלדזן וויל ער זיי מיט ליבשאַפט,
זיך מיט זיי צוזאַמענשמעלצן
אין אַ טרייער ספּאָרט־חברותא...
פילט ער אָבער אָפט אַן אָפּשטויס,

און יסורים פון אַנטוישונג,
הערנדיק, מען מאַכט גאָר חוזק,
מען באַליידיקט בייז די ייִדן,
דאַן באַוועגן זיינע הענט זיך,
גיט ער קלעפּ אַזעלכע שווערע,
און צעקיילט, צעביילט מיט זיינע
שטאַרקע פויסטן יענע בייזע,
גראָבע יונגען, ספּאָרט־פאַרשווועכער...

„ווי קאָן דאָס געשען? — פרעגט מינע —
אַז אַזעלכע שטאַרקע, האַרטע
הענט ווי דיינע, זאָלן ווערן
ווייך, אַזוי ווי גוטע זיידנס,
ווען זיי גלעטן מיר דאָס פּנים?"
אַלבערט ענטפערט מיט אַ שמייכל:
— „מינע קלוגע, מינע ליבסטע!
ס'טרעפן זיך דאָך נסים, מינע...
אפשר וועט אַ נס פּאַסירן,
אַז דיין פּאָטערס האַרץ דאָס האַרטע
אויך וועט ווערן ווייך, געליבטע,
און נישט שטערן אונזער ליבע,
טיף און מעכטיק ווי דאָס לעבן,
איינער אָן דעם צווייטן, טרייסטע,
איז דאָך אומעגלעך צו אָטעמען..."
אָבערביידע וויסן, פילן:
גרויס זענען די שוועריקייטן!
אומעגלעך כמעט אינגאַנצן.

העגט אַזעלכע שוידערלעכע
שליסן צו פּאָר זייער שטרעבונג,
מיט אַכזריות — טיר און טויער!
דאָך איז זיי דער סוד גאָר הייליק,
וועלכער לעבט ביי זיי אין הארצן.
ווער אַ וווּנדער ווען פּאַסירן
צו פאַרווירקלעכן דעם רצון? — — —
אָבער פּאָר די מאַלפּנהיימער
איז דער סוד גאָר לאַנג אַנטפּלעקט שוין,
ס'איז ביי אַלעמען באַשטימט גאָר,
אַז זיי זענען חתן־כּלה.
אַנדערש טראַכט דער שטאָלצער מיסטמאַן,
ליבע גייט אים נישט אין זינען.
—„וואָס? דער שנאָרער? אָט דער קבצן?
ניין, נישט ער וועט קריגן מינען!
נאָר אַ נגיד פון מיין גלייכן,
אַ גביר — וועט מינען קריגן,
און אַזאַ אין מאַלפּנהיים איז
דאָ נאָר איינער: הערי פּינין!"

4

הערי פּינין איז אַ בחור
אַלט און עטוואָס איינגעבויגן,
האָט קיין האָר נישט און קיין ציינער,
אויסגעלאָשן טריב די אויגן,

ברייטע פּלייצעס, גרויס געוואַקסן,
האָט אַ דיקן קאַרק און גוידער.

וועגן ליבע רעדט אָפט הערי
מיט אַ מינע פון אַ זקן,
ציניש לאַכט ער: „גלייך איז ליבע
צו אַ וואָלענע פּאָר זאָקן,
ערשטנס פּאַסט עס אויף איין פוס נאָר,
נאָכדעם פּאַסט עס אויך אויף אַנ׳דרע
אויסגעצייכנט, אָנגעמאָסטן!״— — —
...און ער רעדט עס פון דערפאַרונג,
ווייל ער האָט שוין אָנגעמאָסטן
אויף פיל אַנדערע זיין ליבע
אויף אַן אופן גאָר אַ פּראָסטן...
און ער האַלט עס גאָר בסוד נישט,
ער דערציילט עס אָפנהערציק,
אַז ער האָט געהאַט שוין „ליבעס״
אומגעפער אַן אַכטאונפערציק.

—„ס׳האָט אַ מיידל, אין מיין יוגנט
זייער שענדלעך מיך פאַראַטן,
ווען מען האָט מיך צוגענומען,
אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן...
כ׳האָב געביסן שטאַרק די ליפּן,
שווער געליטן פון די ווונדן,
ביז מיין יוגנט איז פאַרשוווּנדן,
און איך האָב מיר דאַן באַשלאָסן:

מיין באַטריגערין צו קרענקען —
מיין באַטריבטע האַרץ פאַר אַנדערע
ווייבער, פיל, אַוועקצושענקען...
כ׳האָב עס שטיקלעכווייז צעשאָנקען.
כ׳האָב באַטראָגן ווייבלעך, מיידלעך —
און דאָס איז געווען מיין נחת...

געלט איז העריס גאָט, ער דינט אים
אייפערדיק... מיט פלאַם און פייער,
מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן,
ווי אַ קנעכט אַן אמת־טרייער.
צו זיין האַרטער שווערער קאַרגקייט
גיט עס זעלטן, ווו זיין גלייכן,
צדקה־קלייבער ווייסן גוט שוין
ווי פון פעסט פון אים צו ווייכן.

קיינער האָט קיין גוטן וואָרט נישט
פאַר דעם שלעכטן, קאַרגן הערין,
נאָר פון רייכן סיימאַן מיסטמאַן
קאָן מען גוטעס אויף אים הערן:
—„העריס האַרטקייט איז קיין בייז נישט...
ס׳איז קיין שאַנדע גאָרנישט — זאָגט ער —
נאָר פון אויסגערעכנט־קאַרג זיין
גרויסן קאַפּיטאַל פאַרמאָגט ער...“
מיסטמאַנס גוטע מיינונג קיצלט
אונזער גוט באַקאַנטן הערין.
ס׳גיט אים גרויס קוראַזש גאָר וועגן

מיסטמאנס טאָכטער טראַכטן, קלערן,
פריינטלט ער זיך שטאַרק צו מיסטמאַן,
שטרענגט זיך אָן מיט אַלע קרעפטן
צו געפעלן אים... דערציילט אים
זיינע גלענצענדע געשעפטן.
און ער זאָגט, אַז ער באַטראַכט אים
אַלס אַ פריינט אַ ריכטיק גוטן,
און ער וואָלט נאָך בעסער וועלן,
ער זאָל ווערן זיין מחותּן...
ווייל אים מיסטמאַן פאַר אַן איידעם,
און פאַרזוכט אָפּט „איבעררעדן“
מיט זיין גוטער טאָכטער מינען,
אַז עס איז אַ גליק פאַר ביידן:
— „דאָס וואָס ער איז עטוואָס עלטער,
דאַרף, מיין קינד, דיך גאָרנישט שרעקן,
אָט דעם חסרון אָט דעם קליינעם
דאַרף זיין רייכטום גאָר פאַרדעקן.
בעסער פאַר אַ גביר אַן אַלטן
זיין אַ גליקלעכע געליבטע,
איידער פאַר אַ יונגן, אַן אביון
זיין אַן אייביקע באַטריבטע...“
קומען טרערן אין די אויגן
פון דער קלוגער, ליבער מינען,
זוכט ווי זיך אַרויסצודרייען,
קומען ווערטער עפּעס מאָדנע,
וואָס זי וויל אַליין נישט זאָגן.
נגע׳ט, פּגע׳ט איר דער פֿאָטער,

קוקט זי שטילערהייט אים אָנעט
מיט די גרויסע פייכטע אויגן.
שטייט דער פלוידערזאַק און פלאַפּלט,
און זי שווייגט מיט גרויס פאַראַכטונג,
מיט אַ צאָרן איינגעהאַלטן
מיט אַן אָנגעווייטיקט האַרץ...
— — — אָ, ווען ס'וואָלט געלעבט איר מאַמע!
טייערע און פיל געליבטע,
ריינסטע, צערטלעכסטע נשמה,
וועלכע האָט איר גוט פאַרשטאַנען,
אין איר פריידן שטאַרק געפרייט זיך,
אין איר ליידן ווייך געטרייסט זי,
איר האָט זי פאַרטרויט די אַלע
יונגע סודות פון איר האַרצן,
אָ, די גוטע, טרייע מאַמע!
ווען זי וואָלט געלעבט נאָך איצטער,
אויף איר האַלז וואָלט זי געפאַלן,
אויפן קול, אָ, אויסוויינען זיך,
דאָס באַטריבטע האַרץ אויסקלאָגן,
וואָס איז שווער אַזוי געלאָדן!
אויסקושן וואָלט איר די מאַמע
אירע טרערן פון די אויגן
און צום ברוסט איר וואָלט זי דריקן,
וועלכע איז פאַר איר געווען
אַלעמאָל, אַ קוואַל פון ליבע
פליסיק מיט דערמונטערונגען...
נאָר איר גוטע, ליבע מאַמע

האָט איר גאָרנישט לאַנג פאַרלאָזן.
ס׳האָט דאָס אײדל האַרץ דאָס שוואַכע
נישט געקאָנט אַריבערטראָגן
אַלע גרויסע עוולות, צרות,
וואָס זי האָט זיך אָנגעליטן,
אַלע פּיין און מאַטערנישן,
וואָס זי איז פֿון מאַן טאָג־טעגלעך
אויסגעשטאַנען און געטראָגן,
שווייגעדיק אַלץ אין דערשטילן,
ביז דער שווערער לאַסט פֿון לײדן
האָט איר צוגעדריקט, געפּטרט.
טראַכטנדיק פֿון דעם, ווערט מינע
מער דערצאָרנט און פאַרביסן...
קלאַפּט דאָס האַרץ איר, ווי מיט האַמערס,
ווערט זי אויפגערעגט, צעווײנט זיך,
און זי פּלאַצט אַרויס מיט ווערטער:
—„פּײנט האָב איך דעם הערי פּיגין,
װעגן אים וויל איך נישט הערן!"
מיסטמאַנס אויגן שפּריצן פײער,
קלאַפּט ער, שרײַט ער אַ צעקאָכטער:
—„ווײסט נישט אויספּירן, דו ווילדע,
וואַרט נאָר, וואַרט, קאַפּריזנע טאָכטער!
מעג די וועלט זיך איבערקערן —
מוז און וועט דיך הערי קריגן,
כל־זמן כ׳לעב, וועל איך שוין זאָרגן,
אַז עס זאָל קײן אַנדער מאַן דיך
נישט אַוועקנעמען פֿון פּיגין,

איבערהויפט אַ יונגער שנאָרער,
אַ בעל־העזהניק, אַן אביון
אָן אַ סענט ביי דער נשמה,
אָן א ציל, און אָן אַ נאָמען,
טאַקע גאָר אָן לייב און לעבן,
סתם אַ גאָרנישט, וואָס פאַרנעמט זיך
מיט די טעניס־באַלכלעך קלאַפּן
מיט די פוטבאָל בריקענישן,
שטותעוואַטע קינדער־שפּילכלעך,
כאַפּ, מאַך חתונה און פאַרטיק,
ווי צוויי מתים גייען טאַנצן...
ווייסטו נישט? פאַרשטייסטו דען נישט?
ביסט געוווינט צו אַלע גוטעס,
ס׳פעלט דיר דאָך קיין פייגל־מילך נישט,
צוגעוווינט ביסטו צו רייכטום,
און אין לוקסוס באָדסטו זיך דאָך!
ביי אַן אָרעמאַן אין הייזל
וועסטו אייביק זיין פאַרפאַלן! — — —
ניין, איך וועל נישט צולאָזן דיך,
אַז דו זאָלסט אַ שלעפּער נעמען."

## 5

אָט אַזוי, טאָג איין, טאָג אויסעט,
אַלץ געוואַלדעוועט האָט מיסטמאַן,
ביז עס האָט דאָס יונגע מיידל
מער נישט אויסהאַלטן געקאָנט שוין.

אָדער מוז זי נעמען הערין,
אָדער טאַקע זיך אַנטזאַגן
פון אַ רייכן גרינגן לעבן,
פון די אַלע גוטע זאַכן,
פון די האָב און גוטס, און לוקסוס,
צו די, וועלכע זי ז׳געוווינט שוין,
און אָן וועלכע ס׳וועט זיין צרות.
אָ, ווי שרעקלעך עס איז דחקות,
אָ, ווי ביטער אָרעמקייט איז!
ס׳ווערט, ווי אייז, איר בלוט פאַרפראָרן,
ציטערט ווי אין אַ קדחת,
ס׳צופּט און ברענט איר פלייש און גלידער
ביים געדאַנק: אַז ס׳וועט איר פעלן
עפּעס וואָס זי׳ט האָבן נויטיק...
אַז זי וועט זיך דאַרפן קווענן
אין אַ חושכדיקן דלות —
איז דער טויט געוויס שוין בעסער!...
ווייסט זי נישט וואָס צו באַשליסן,
האָט קיין שטאַרקן מוט ביי זיך נישט,
האָט קיין ווילן נישט קיין פעסטן,
פילט זיך שוואַך און אומבאַהאָלפן,
נעמט זי אָן, פאַרשטומט, פאַרביטערט,
אומבאַטראַכט און אומבאַשלאָסן —
שטימט זי איין דאַן, קעגן ווילן,
נעמען פיגין פאַר אַ חתן.

* *
*

— — — זי אַליין קאָן נישט באַגרייפן
ווי אַזוי זי האָט געטון עס,
ווי עס קאָן דאָס ווערן רעכט איר
נעמען העריס פיל מתּנות!...

קוקט זי גלייכגילטיק אים אָנעט,
ווען ער פּרוווט שטאַרק אויפצעוועקן
עפּעס ליבע אין איר האַרצן —
מיט אַ דיקן בוך פון טשעקן,
ווען ער פילט זיך איבער זיכער,
אַז עס וועט אים גוט געלינגען
צו געווינען איר דורך גאָלד און
שווערע דימענטענע רינגען.
ער באַהאָגלט איר מיט שיינע
קאָסטבאַרסטע בריליאַנטן, פּערל.
אָבער מינעס פּנים טרויערט,
און אַ טרערל נאָך אַ טרערל
פאַלן פון די שוואַרצע אויגן.
קאָן קיין רו זיך נישט געפינען,
ס'רייכע ברייטע הויז פון פּאָטעו
ווערט איר ענג — זי וויל אַנטרינען...
ס'דריקט אַ יאָמער איר, עס ציט איר,
גאָר אַן אַנדער סביבה קריגן,
ווייט אַוועק פון היים, פון חתן —

פון פאַרהאַסטן הערי פיגין!
שלייכט זי זיך אַרויס פון הויז אָפּט,
לויפט אַוועק אין פעלד אין פרייען,
איינזאַם צווישן בערג געלוסט זי
אין אַ יאָמער זיך צעשרייען.
קלעטערט בערג, וואָס שווערע שאָטנס
האָבן טונקל עס געפאַרבן,
קלאָגט אַזוי ווי יפתחס טאָכטער,
זייענדיק איר פאָטערס קרבן...

6

פון דעם פעלד גייט מינע איצטער
אָפּגעשוואַכט, אַזוי פאַרמאַטערט,
טריט ביי טריט גייט זי אַהיימצו.
קוקט זי אָן דאָס פעלד פאַרחלומט,
זעט זי, ווי עס קומט אַרויסעט
פון אַ גריבל ביי אַ שטיינדל,
אין איילעניש, אַ פעלדקאַץ,
לויפט אויף גיך און שטעלט זיך אָפּעט
ביי אַ בערגל פול מיט לעכלעך,
און אַרום אַרומגערינגלט
מחנות, אָן אַ צאָל, מוראַשקעס.
האַסטיק, פלינק באַוועגן זיי זיך
אָט די ברואימלעך די קליינע,
וועלכע זענען שטאַרק באַשעפטיקט,

לויפנדיק אזוי פאַרהאַוועט,
קערנדלעך און גרעזלעך שלעפן,
שטרויעלעך און שטיקלעך שפענדלעך,
נעסטעלעך פאַר זיי צו בויען — — —
נאָר די פעלדקאַץ כאַפּט אַריין זיך
צווישן זיי, צוטרעט, צעפּרעסט זיי...

*

אין דער הויך זעט פּלוצלונג מינע
גרויסע שוואַרמען שוואַלבן פליִען,
חתונה=צייט איז ביי זיי איצט,
הוליען זיי אין דערלופטן,
אין אַ קיילעכדיקער מחנה
צירקלען זיי אין אַלע זייטן,
אָט דערנידעריקן זיי זיך,
באַלד דערהויבן זיי זיך, פליִען
העכער, העכער, לוסטיק שוועבן,
חתונה=טענץ פריילעך טאַנצן
פּיפּטשען צו אַ טענצל=ניגון,
און צום טאַקט די פליגלען קלאַפּן.

מינעס אויג איז אומגעזעטיקט
פון צו קוקן אויפן פלי=טאַנץ.
טוען שוואַלבן עס מיט שכל?
מיט אַן אויסרעכענונג פון פריִער?
יעדע רירונג און באַוועגונג

גוט באַטראַכטן דאָרט די פליִער.
אַט צעטיילט זיך דאָרט דער שוואַרם
אויף צוויי קיילעכדיקע טיילן,
און באַגריסן זיך אין טאַנצן.
אָבער אויף אַ בוים אַ הויכן,
צווישן דיקע גרינע צווייגן,
זיצט און לויערט אויף די שוואַלבן
ס׳רויב=פייגל מיט גרויסע אויגן...
אַט באַוועגט עס זיך פון אָרט דאָרט,
דרייט דעם קאָפּ אויף אַלע זייטן,
וואַרפט אַ ווילדן בליק אַרויפצו,
צו די פייגעלעך דאָרט אויבן.
מיט די אָפענע, שאַרפע אויגן
מעסט עס אָפּ די הויכע ווייטקייט,
און דערלאַנגט זיך גיך אַ טרייסל,
און ראַפּטום אַ שוּפּ אַ ווילדן,
פלינק צעשפּרייט ער ברייטע פליגלען,
שוועבט מיט זיכערקייט אַ פרייער,
הויבט זיך, טראָגט זיך העכער, העכער...
אַט האָט ער דערגרייכט דעם שוואַרם,
אַריינגעריסן זיך אינמיטן —
און די חתונה צעשטערט איז...
און די שוועלבעלעך די בידנע,
זיי צעשפּרייטן זיך, צעפליען,
און עס טראָגן זיך אין לופטן
פעדערלעך צעשפּרייט, צעווייעט...

* *
*

אויך אין מאַלפּנהייט דאָרט אונטן
ווערט אַ חתונה געפּראַוועט,
לוסטיק, פריילעך, שמחה, ששון!
אונזער מינע איז די כלה,
הערי פיגין איז דער חתן.
דער מחותן סיימאַן מיסטמאַן,
קוועלט פון נחת, שטאַלץ פול חדווה.
אויסגעפונען האָט ער איצטער,
אַז זיין איידעם איז פיל רייכער,
ווי ער האָט געשאַצט אים פריער.
גרויס און מעכטיק זיין פאַרגניגן!
אָנגעקומען איז דער שידוך,
ווי פון פעך געצויגן שווערלעך,
נאָר דער סוף איז דאָך אַ גוטער,
און דערפולט איז זיין באַגערן!

## 7

ס'איז די חופּה שוין געוועזן
אין דער קליינער שול דער ענגער,
אלע יידן דאָרט געקומען,
און אַ גרויסער עולם גויים,
אָנצוקוקן חתן=כלה,

נייגעריק אויך אָנצוזען די
חתונה=צערעמאָניעס אַלע.
האָט דער רעוורענד שטאָלץ און ברייטלעך,
מיט אַ פולע מויל, געזונגען,
אַלע ברכות פון „קידושין“,
און געדרייט זיין שטים מיט גדולה.
נישט קיין גוטער זינגער נעבעך,
מער געשריען ווי געזונגען,
הייזעריקלעך מיט אַ קוויטש נאָך,
האָט זיין קול אַלץ אָפגעקלונגען.
הויבט דער רעוורענד אויף די אויגן,
טאַפט זיין ווייסן אומגעדרייטן
קראַגן — ווי עס טראָגט אַ גלח —
נעמט אַרויס אַ זיידן טיכל,
ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון פנים,
שווער און לאַנג ציט ער דעם אָטעם,
מיט אַ הערשערישער מינע,
קערט ער באַלד זיך אום צום חתן,
און קאָמאַנדעוועט מיט פוריע:
—„חתן, נעם דעם רינג און טו עס
אויף דער כּלהס פינגער; חתן,
זאָג דעם פּסוק, זיי מקדש!“
חתן בלאָזט זיך, ווי אַ זשאַבע,
כאַפּט דעם רינג, שרייט אויס: „יתגדל,
ויתקדש המ... שמיה רבה!“— — —
קייכט מען זיך פון גרויס געלעכטער,
נאָר דער רעוורענד בייסט די ליפּן,

זאָגט דעם חתן פאַר די „קידושין",
וואָרט ביי וואָרט מיט קלאָרער שטימע,
און דעם חתנס גראָבע ליפּן
שעפּטשען נאָך די ווערטער שווערלעך...
שלעפּט פון קעשענע דער רעוורענד
אַ געדרוקטע שיינע כּתובה,
און ער לייענט אין העברעיִש,
און ער לייענט עס אין ענגליש,
און פאַרענדיקט מיט געזעגנגען...
קנאַלט אַ גלעזל, ווערט צעבראָכן,
ווערט אַ „מזל־טוב"־געפילדער,
האַגלען ראָזשינקעס, „קאָנפעטי"
אויף די קעפּ פון חתן־כּלה.
און דער עולם דרינגט זיך דרויסן,
און מען גייט צו מיסטמאַנס הויז איצט
צום „רעסעפּשן" — חופּה־מאָלצייט.

*

אויבן־אָן זיצט חתן־כּלה,
לעבן זיי אַרומגעזעצט זיך
האָט דער רעוורענד. און צווישן
האָט אַ גוי אַריינגעקוועטשט זיך.
און צו רעכטער האַנט פון כּלה
זיצט זיך לוסטיק דאָקטאָר סלאָטער
מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן,
און אין קאָפּ שוין משקה האָט ער.

דאָקטאָר סלאָטער איז אַ „סקאָטסמאַן“,
הויך געוואַקסן און אַ דיקער.
פּראַקטיצירט אין מאַלפּנהיים שוין
צוואַנציק יאָר און איז אַ שיכּור.
אַלע ווייסן: יידן האַסט ער,
ווי ער האַסט די בייזע שפּינען.
דאָך אויף יעדער עבריס שמחה
קאָן מען זיכער אים געפינען,
ווייל די מאַלפּנהיימער יידן
חנפנען היינטיש אים און גלעטן...
לאַדן אים צו אַלע שמחות,
און ער לאָזט זיך שטאַרק נישט בעטן.
ווייל ער ווייס, אַז דאָרט געפינט ער
אַלעמאָל די בעסטע ווײַנען,
און אַביסל גוטע בראָנפן,
וועלכע מאַכט זיין פּנים שיינען...
און ער ווייסט: די יידלעך האַלטן
פאַר אַ כּבוד זיין באַזוכן
זייער הויז, זיי פּיטערן אים דאָרט
מיט געבראָטנס און מיט קוכן,
און זיי שטאָפּן אים מיט לעקעך
און מיט אַלע סאָרטן טייגלעך.
רעדט ער — שלינגען זיי די ווערטער,
קוקן ליב אים אין די אויגלעך...
ווייסט ער עס און בלאָזט זיך זייער,
האַלט זיך יחסנדיק דער דאָקטאָר.
„אין גרגרת קריכן זיי מיר,

אָט די ייִדלִיקלעך" — אָפּט זאָגט ער.
נו, פֿאַרשטייט זיך, סיימאָן מיסטמאַן
וועט דעם מנהג נישט פֿאַרפֿעלן
איינצולאַדן דאָקטאָר סלאָטער,
זיינע געסט אים פֿאָרצושטעלן,
און זאָל זען דער גוי שוין אגב,
ווי ער לעבט אויף ברייטן אופֿן,
און די נחת און די גדולה...
וואָס ער קען פֿאַר געלט זיך קויפֿן...
רירעוודיק באַוועגט זיך מיסטמאַן,
מבוסמדיק איז שוין דער עולם.
ס'זיצט דער חתן אָנגעבלאָזן
ווי אַן אויסגעפּוצטער גולם.
אומגעדולדיק וואַרט דער רעוורענד:
באַלד, יע, באַלד דאַרף מען שוין מאַכן,
אַ, דעם טאָאַסט פֿאַר חתן-כּלה!
האָט אַ טעמע צוגעגרייט זיך,
אַ געדאַנק, וואָס פּאַסט צום ענין.
זוכט ער דאָס ווי איינצושטעלן
אין אַ רעדע קלאָר דאָס זאָגן,
אום ס'זאָל אַלעמען געפֿעלן.
„יע, דעם כּבוד וועט דאָך מיסטמאַן
מיר געוויס — אַלס רעוורענד — געבן,
באַלד איז ער מיר שוין מכבּד,
ועמען דען, אויב נישט דעם רבין?"
גיט אַ שטעל זיך מיסטמאַן האַסטיק,
קוקט מבוהלדיק און שטאַמלט...

ביסלעכווייז צו זיך געקומען,
און קוראַזש זיך אָנגעזאַמלט,
קרימט די ליפּן, ווייזט די ציינער
מיט אַ חניפה־שמייכל זאָגט ער:
„איך וויל בעטן: אַז דעם „טאָאַסט" זאָל
מאַכן אונזער גוטער דאָקטאָר!
„אַלע ווייסן — זאָגט ער ווייטער —
אַז אַ רעדנער פון די בעסטע
איז דער דאָקטאָר, און דערצו נאָך
פון די יידן־פריינט די גרעסטע.
און אַ חכם איז הער דאָקטאָר,
ווי דער קלוגער שלמה־המלך,
און דערפאַר דעם טאָאַסט צו מאַכן
אונזער דאָקטאָר בעטן וועל איך!"

קלאַפּן מיט די הענט די עברים,
און מען שרייט מיט קולות „בראַוואָ",
נאָר דער דאָקטאָר סלאָטער שאָקלט
מיט זיין קאָפּ און קוקט טשעקאַווע...
ווייל עס האָט שוין פיל דער דאָקטאָר
שטאַרקע משקה אָפּגענאָסן,
דריי־פיר „ווישקיס", זיבן גלעזלעך
וויין אין זיך אַריינגעגאָסן.
ברענט זיין פּנים... און די אויגן
אָנגעגאָסן און זיי בלאַנקען,
וויגט ער זיך אויף אַלע זייטן...
רייבט דעם שטערן... זוכט געדאַנקען...

בויגט זיך, דרייט זיך, פּאָרנט, הינטן,
שטויסט דעם טיש, ווען ער באַוועגט זיך,
שטעקט אַרויס אַ צונג אַ שטייפן,
דרייט עס רעכט און לינקס, באַלעקט זיך...
לאַנגזאַם הייבט ער אָן צו רעדן —
דורכן נאָז אַרויסגעדרונגען:
—„ליידיס ליבע, גוטע ליידיס״ —
זאָגט דער דאָקטאָר האַלב־געזונגען —
—„ליידיס רופן אייך — דאָס וואָלט איך
ווי עס איז נאָך אייך פאַרגונען,
אָבער „דזשענטעלמען״ האָב איך נאָך
צווישן יידן נישט געפונען...
וועמען זאָל איך „דזשענטעלמען״ דאָ
אָנרופן? צו וועמען רעדן?
צו דעם מיסטער פיגין? אָדער
מיסטמאַן? אָדער גאָר צו ביידן?
כ׳קאָן דאָך אַלע יידלעך דאָ
פון אַזוי פיל לאַנגע יאָרן.
מאָגערינקע אָנגעקומען,
פעטע, דיקע דאָ געוואָרן.
ווען איך טראַכט איצט פון דעם חתן,
שטופט מיר אמת אַ געלעכטער,
אָקאָרשט גאָר אַ „טרעמפּ״ געוועזן,
איצט אַ דזשענטעלמען אַן עכטער...
כ׳קאָן אייך גוט, אברהמס קינדער,
איבערהויפּט דעם רייכן מיסטער
מיסטמאַן — — — פיינע בראָטנס גיט ער,

גוטן ווײַן אין גלעזל גיסט ער.
כ׳ווייס: ער חנפהט מיך כסדר,
און ער שיקט מיר מצות פסח,
און ער שיט מיר אָן אָן אויפהער
פאַלשע קאָמפּלימענטן, ווייס איך.
נו, זיין גלייכן מיך צו שלמהן,
קאָן זיך טאַקע אפשר שטימען,
ווייל אין אייער ביבל שרייבט זיך —
ווענדיק דעם מלך רימען —
אַז דער שלמה האָט פאַרשטאַנען,
ווי צו רעדן צו אַ בהמה — — —
און צו בהמות רעד איך דאָך איצט,
בין איך טאַקע קלוג ווי שלמה — — —
דאָך וועל איך קיין לאַנגע ספּיטשעס
דאָ נישט מאַכן. כ׳בין פאַרמאַטערט,
און איך וואָלט שוין טאַקע וועלן,
ס׳זאָל שוין זיין אַלץ אָפּגעפּטרט...
נאָר די עטיקעטע פאָדערט,
עפּעס חתן=כלה געבן
אַ געהעריק=גוטע ברכה,
קאָן איך שווערן ביי מיין לעבן,
אַז איך ווייס נישט, וואָס צו ווינטשן,
מוז איך, הייסט עס, זיך באַדענקען,
זאָל איך ווינטשן זיי געזונטהייט?
דאָס וואָלט זיין פאַר מיר אַ שאָדן...
כ׳מאַך פון קראַנקייט דאָך מיין לעבן.
כ׳וועל דערפאַר זיי אַנדערש ווינטשן,

און ס׳וועט אויסקומען נישקשה...
יע, אַ ברכה זייער פּאַסיק.
פאַר אונז ביידן געבן וועל איך:
קרענקען זאָלן חתן־כּלה,
נאָר לאַנג לעבן ווי מתושלח!״

ווערט אַ שטורעם פון געלעכטער
מיט התפּעלות מיט געשרייען,
אָפּלאָדירן אַלע, וועלכע
ענגליש ריכטיק נישט פאַרשטייען,
נאָר די, וואָס פאַרשטייען עפּעס
האָבן טיף אַראָפּגעבויגן
זייער קאָפּ מיט גרויסער חרפּה,
פינסטער איז זיי אין די אויגן...

בלוי און בלאַס איז אונזער רעוורענד
פון פאַרדרוס און גרויסן צאָרן,
טראַכט ער: „ס׳קומט דיר כּשר, מיסטמאַן,
אָך און וויי צו דיינע יאָרן!״
קריגט באַלד מוט און זאָגט: „רבותי,
כ׳האָב געוואָלט אייך עפּעס זאָגן,
נאָר דעם דאָקטאָרס רעדע האָט מיך
גאָר פון וועג אַראָפּגעשלאָגן.
איך וואָלט ענטפערן דעם דאָקטאָר
אויף זיין רעדע, וואָס ער האָט זיך
אויסגעדריקט: אַז צווישן יידן
איז קיין דזשענטעלמען פאַראַנען,

כ'קאָן פאַרזיכערן דעם דאָקטאָר,
זאָל ער האָבן דאָס אין זינען —
נישט קיין שיכור קאָן ביי יידן
דזשענטלמען אַ סך געפינען.
אפשר איז ער אַ גערעכטער,
וואָס ער רופט די יידן „בהמות",
ווייל ס'איז נאַריש איינצולאַדן
אים צו יידישע מקומות.
אויף אַ שמחה ביי אַ יידן,
וואָס איז ער פאַר אַ מחותן? — — — —
אויך איז מעשה-בהמה טאַקע
צוצוגלייכן אים צום גוטן,
און דעם קלוגן מלך שלמה.
ס'לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל,
ריכטיק, פּאַסיק אים צו גלייכן
איז: צו לוטן, אָדער נח — — —"
ס'פלאַמט פון חרפה יעדעס פנים,
מיט בזיון-בליק אַ שטומען.
אין די ווינקעלעך באַהאַלטן
האָבן יידן זיך גענומען...

8

אין דעם טומל און דעם ליאַרם
פון דעם איינדרוק פון די רעדעס,
און פון שמחה און פון חדווה

נישט באמערקט האָט גאָר דער עולם,
אַז עס פעלט ביים טיש די כלה.

„ווו ז'די כלה אַהינגעקומען ?"
האָט אַרויסגעפּלאַצט אַ פראַגע.
דאַן ערשט האָבן אָנגעהויבן
שרייען אַלע : „ווו ז'די כלה ?"
אַ געררודער, אַ געפּילדער.
קוועטשט מען פּלייצעס מיט דערשטוינונג,
גלאָצט מען אויגן פול מיט פּחד,
כאַפּט דעם עולם אָן אַ ציטער.
וויי, די כלה איז פאַרשוואונדן !
וואָס האָט דאָס מיט איר געטראָפן ?
אין דער שרעקלעכער בהלה
נעמט מען שטופּן זיך אין דרויסן.
לויפן אַלע אָן אַן אָטעם,
האַסטיק לויפן מחותנים,
לויפן אַלע געסט אין דרויסן
אום די כלה צו געפינען,
אַלע ווינקעלעך און געסלעך
אויסגעזוכט און אויסגעאַקערט,
אָן דערפאָלג, זי איז פאַרשוואונדן !

*　*
*

...ליב געהאַט האָט זי די פעלדער
מיט די בערג און מיט די טאָלן,

יעדעס שטעגל איז איר טייער.
פון די סאַמע קינדער־יאָרן
איז זי צוגעוווינט געוואָרן
צו ווילדע פרייע פעלדער,
ווו זי פלעגט אַלץ שעפן כוח,
פרישן מוט און פאַרגעניגן.
און זי איז אַוועק אַהינצו...
יע, אַהין, אין די ברייטע פעלדער,
אויסגעפוצט אין לאַנגן ווייסן
חופה־קלייד און כלה־שלייער,
אויפן קאָפּ דעם קראַנץ, דעם צאַרטן,
און די יונגע ברוסט די פולע
איז באַצירט מיט פרישע רויזן.
ווי אַ ווייסער גייסט שפּאַצירט זי
צווישן הויכע בערג און פעלזן.
ווי אַ בלויע זיידענע חופה
איז דער הימל... און די נאַכט איז
שטיל, אָן שאָרך, און קלאָר און ליכטיק.
אין דער הויך, אין טיפן מזרח,
טיילט אַ וואָלקן זיך פונאַנדער,
און עס עפנט זיך פאַמעלעך,
ווי אַ וואָלענער, אַ ווייכער,
גרויער פאָרהאַנג אין דער לופטן.
די לבנה שפּרינגט אַרויסעט
ווי אַ גרויסע אויג אַ קלאָרע,
קוקט זי, וואָס עס טוט זיך אָפּ דאָ:
ס'ציט זיך ווייט אַ שמאָלעס שטעגל,

ווי אַ שלאַנג פאַרדרייט זיך קרומלעך,
און עס פירט דאָרט צו אַ בערגל
מיט געדיכטע גראָז באַוואַקסן.
אויבן ליגן שעפסן, ציגן,
כאַפּן רויִק דאָרט אַ דרעמל,
חלומען פון דאָרן־צווייגלעך
פול מיט פרישע זיסע זאַפטן,
פון אַ חברשער באַרירונג
פון אַ נאָענטער דערוואַרטונג — — —
און פון קליינע שוואַכע לעמלעך,
וועלכע טוליען זיך מיט ליבשאַפט...
פאַרגליסט זיך די לבנה
שטיפעריש מיט זיי זיך שפילן,
וואַרפט זי אין די אייגעלעך זיי
שטראָמען ליכט, און ס'נעמען בליצן
זייערע צעשטראַלטע אייגעלעך,
דוכט זיך אָפּ: אַז אויפן בערגל
ליכטעלעך אַ סך דאָרט ברענען...

אָט לויפט דורך דעם סקווער פון שטעגל,
גיך, אַ חיהלהע, אַ זי־פוקס.
און נאָך איר יאָגט נאָך זיך האַסטיק
איר אַ ליבהאָבער, אַ חבר...
שפיגלט אָפּ זיך די לבנה
אין די ביידנס אייגעלעך, וועלכע
ווערן צוויי פּאָר פייער־פלאַמען...
— — — — — — — — — — — —

*  *
*

און דערבײַ איז דאָרט אַ גראָבן,
ברייט און לאַנג און טיף... און אונטן,
אין דער ווייטער טיפעניש, זענען
פוסטע, וויסטע היילן פ׳ראַנען,
און אין זיי זענען באַהאַלטן
גרויסע מוראדיקע סודות:
דאָרט האָבן אַמאָל געלעבט די
„בושמאַנס" רויִק און צופרידן,
זיך מיט יאַכט אין פעלד פאַרנומען,
ביז עס זענען אָנגעקומען
ווייסע פעלקער פונם צפון,
וועלכע זענען דאַן אַנטלאָפן
פון רציחות און געוואַלטן,
וואָס זיי האָבן פיל געליטן,
אין די פרומע צפון־לענדער,
האָבן זיי אַ רו געפונען
אין דעם זונען־לאַנד דעם פרייען —
און זיי האָבן דאָ די בושמאַנס
אָן רחמנות אויסגעהרגעט,
און אינגאַנצן זיי פאַרטיליקט...
זענען אָט די וויסטע היילן
אַלס אַ צייכן דאָ געבליבן
אויף די טרויעריקע מעשים — — —

* *
*

— — — אויפן ברעג פון טיפן גראָבן
שטייט זיך מינע אומבאַוועגלעך.
שטיל און שטום און שטייף — פאַרשטיינערט,
ווי אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע.
פלוצלינג רירט זי זיך, באַוועגט זיך,
און זי ווערט דאָרטן פאַרשוווּנדן...
פאַלט אין יענעם תהום אַרונטער
אין דער טיפעניש, דער ווייטער
לעבן איינעם פון די פוסטע,
און די אומעטיקע היילן,
וועלכע זענען מאָנומענטן
אויף פאַסירונגען פון שרעקן...

* *
*

עטלעכע געדיכטע וואָלקנס
אויפן האָריזאָנט זיך ווייזן,
פרעסן זיך צוזאַמען האַסטיק,
זעען אויס, ווי טרעפלעך גרויע.
טוט אַ לאָז זיך די לבנה,
שווימט אַריין באַלד אין דערמיטן
אין די וואָלקן, ווערט פאַרשוווּנדן...
אומגעריכטערהייט הויבט אויף זיך
רוגזהדיק אַ ווירבל=שטורעם,

ווילדן שדים=טאַנץ צעטאַנצט זיך,
כראָפּעט, סאָפּעט שווער און וואָיעט...
קלאַפּט און בריקעט, און פּילדערט,
אימהדיק ער פּייפט און הוזשעט,
בושעוועט און קערט אום וועלטן,
זאַמד און שטויב אין שווערע זיילן
וואַרפט ער לייכט אַרום אין לופטן,
כאַפּט אַ בוים אָן ווילד ביים קאַרק און
רייסט עס אויס באַלד מיטן וואָרצל
און צעשמעטערט עס אויף שטיקלעך — — — —
— — — — — — — — — — — — — —



# „איזראַעליטן“

שניידט זיך דורך דעם פעלד דעם ברוינעם,
קרום געדרייט, אַ טייך אַ ברייטער.
ס׳וואַסער אויסגעטריקנט, זעט מען:
בערגלעך, שטיינער, ווילדע וואָרצלען
פון צעפוילטע דאָרנבוימלעך.
נאָר די גריבלעך אויפן גרונט דאָרט
האָבן נאָך אַביסל וואַסער.
און ביים ברעג פון טייך צו זען איז,
ערטערווייז זאַלץ-פלאַמעס ווייסע.
שלענגלט זיך דער וועג צעקאָרטשעט,
פול מיט זאמד-בערגעלעך קליינע,
און אַ סך מוראַשקע-נעסטלעך,
גריבער, גריבלעך, גרויסע, קליינע,
שפּאַלטן, גראָשנדלעך און גרודעס
פון פיל פי, און פערד-קאָפּיטעס...

פאַזשע וועג זיך ציט אַ שפּע
קוסטעס „בראַנדניקל"[1] געדיכטע,
מאַסן „דוועלקיס"[2] געקאָלטנט.

* *
*

בײַ דעם ברעג פֿון טײַך זיך שטייען,
ווי אַ ליבער שוועסטער=צווילינג,
צוויי געהויבענע בערג גלייכע
אַקוראַט ווי אָפּגעמאָסטן
שלאַנק און גלאַטלעך און רונדקעפּיק.

האַלט די זון אין אונטערגאַנג דאָרט
הינטער אָט דעם צווילינג, זעסטו:
ווי אַ האַלבער פֿייער=ראָד איז,
ד'העלפֿט פֿון זון נאָך נישט פֿאַרזונקען,
זענען פֿלאַמיק=רויט די בערג=קעפּ,
ווי צעברענטע קופּער=קעסלען,
און די סך קאָלירן שטראַלן
איבער זיי צעגליִען ליכטיק,
און די בערג=זייטן געפֿאַרבן
טונקל=בלוי דורך שקיעה=שאָטנס.

*) בראַנדניקל — אַ מין קראָפּעווע.
**) אַ גיפֿטיקער גראָז.

פעסט אין זיכער איינגעוואָרצלט
צווישן צווילינג בערג די שיינע
שטייט אַ טייטלבוים אַ הויכער,
נאַקעט הויל, אָן פרוכט, אָן צווייגן,
נאָר אַ קליינער בינטל בלעטער
שפּילט זיך אויפן טייטלבוים־שפּיץ.
שטרעקט זיין קאָפּ איבערן טייך אויס
בייגעריק דאָרט אָנצוקוקן,
וואָס עס טוט זיך אויפן טייך־גרונט...
זעט ער: ס'ציט אַ פּאַרמערס וואָגן,
ברייט און הויך, און שווער געלאָדן.
פערצן גרויסע פעטע אָקסן
מיט געוואַלדיק לאַנגע, גראָבע
אין דער ברייט צעשפּרייטע הערנער,
וועלכע וואַרפן אָן אַן אימה,
זענען איינגעשפּאַנט אין וואָגן,
יאָכן מיט די דיקע רימענס
אויף די מעכטיק־דיקע העלדזער...

אָקסן מוראדיקע שטאַרקע!
ווען זיי וואָלטן נאָר אַ ביסל
שכל האָבן צו באַגרייפן
זייער גרויסקייט, זייער כוח,
ווער וואָלט וואַגן הענט צו לייגן
אויף די בלאַנקעדיקע לייבער?...
ווער וואָלט וואַגן אויף די העלדזער
זיי אַרויפלייגן די יאָכן?...

אָקסן מעכטיקע!... זיי ציִען
שטילערהייט און אונטערטעניק
אַזאַ גרויסע לאַסט אַ שווערע! — — —
ס'פירט אַ קליינער קאַפיר אָנעט
ד'פאָדערשטע צוויי גרויסע אָקסן
פאַר אַ רימען צוגעבונדן
צו די פיר גראַנדיאָזע הערנער,
און די אַנדערע אַלע אָקסן
ציִען זיך מיט כּוח אָנעט,
שפּאַרנדיק די קעפּ און ברוסטן
אויף פּאָרויס, פּאָרויס... און ציען
מיט אַ שטילן ברומען, קרעכצן...
ס'קרעכצן אויף די שווערע רעדער,
און דער וואָגן קראַכט און אָכצעט...

ס'טראָגט אַ ברייטע הוט דער פּאַרמער,
ברוינע, לאַנגע דיקע הויזן,
און אַ בלויע העמד אַ דינע,
אויפן האַלדז אַ טוך אַ גרינע,
גייט זיך ביי דער זייט פון וואָגן,
האַלט אַ בייטש אַ זייער לאַנגען,
און טרייבט אָן די אָקסן כּסדר,
פּייפנדיק דערביי משונה,
שרייענדיק מיט ווילדע קולות,
אָנרופנדיק מיט אַ נאָמען
יעדן אָקס און אָקס באַזונדערס,
און דערביי צעקנאַקט ער קונציק

אין דער לופט זיין בייטש דעם לאַנגען,
וועלכער דרייט זיך איין און נאָכדעם
ציט זיך אויס אין שווונק און הוזשעט...
ווי אַ דינער שלאַנג אַ לאַנגער,
פאַלט ער מיט אַ זיפץ אַראָפּעט
אויף די גבורהדיקע לייבער
פון די האָרעפּאַשנע אָקסן,
און עס טראָגן זיך אין לופט אום
עכאָס פון אַ שווערן קרעכצן...

און די אָקסן מיטן וואָגן
לאָזן באַלד זיך באַרג אַרונטער,
רוקן זיך אין טייך אַריינעט.
אָט, אָט גייען זיי אַריבער,
שווערלעך נעמען זיי זיך שלעפּן
באַרג=אַרויף, הויך, אויפן טייך=ברעג
אָנגעשטרענגטע, אָנגעשטראָמטע,
שפּאַרן זיי זיך העכער, העכער...
מיטאַמאָל, ווי דורך אַ כּישוף,
שפּרינגט אַרויס פאַר זייערע אויגן
ס׳גאַנצע שטעטל מאַלפּנהיים דאָרט,
וועלכע שיינט אין טאָל צו ליגן.
טרעטן פריילעכער די אָקסן,
דרייען שטאָלץ די קעפּ די גרויסע,
באַרג=אַראָפּ גייטס גיכער, גיכער...
גייען זיי פאַרביי דעם אַלטן
טרויערדיקן בית=הקברות,

וועלכער איז אַרומגערינגלט
מיט געדיכטע טרערן-ביימער...
און זיי ציען ווייטער, ווייטער...
באַלד אריין שוין אינם שטעטל.
אָט איז שוין די „סקול" די ווייסע,
קינדער שפּילן זיך און שטיפן,
שפּרינגען איינער איבערן צווייטן,
ראַנגלען זיך און שרייען, לאַכן
פול מיט יוגנט און מיט לעבן!...
שוין פאַרביי „דעם פּלאַץ פון „טעניס",
דורכן מאַרק שוין דורכגעצויגן,
שטעלט זיך אָפּ דער שווערער וואָגן
לעבן צוויי פון מאַלפנהיימער
גרעסטע „שאָפּן", ס'גלאַנצן שילדן.
איין שילד, ווייס איף שוואַרץ געשריבן:
„נייטן פרומין, אַלגעמיינער
הענדלער און פּראָדוקטן-קויפער",
און דער צווייטער שילד, אין קורצן:
„אויגוסט בירנבויך, אַ סוחר".

* *
*

ביידע זענען אָנגעקומען
אויף אַמאָל אַהער אין שטעטל —
נייטן פרומין פון דער ליטע,
אויגוסט בירנבויך — פון דייטשלאַנד.

בירנבויך אַ גרויסער, דיקער
מיט געזונטן רויטן פּנים,
מיט אַ דיקן בויך און גוידער,
גראָבע לאַנגע בלאָנדע וואָנסעס,
גרייסט זיך מיט זיין דייטשן אויסזען:
—„כ'בין אַ דייטש און כ'וויל נישט וויסן
פון קיין יידישקייט און יידן".
אָבער די, וואָס גוט אים קענען
פון זיין היים, די יענע ווייסן,
אַז עס זענען זיינע אבות
רעליגיעזע אָרעמע יידן.
זייער דחקות, זייער דלות
האָט דעם אויגוסט געצוווּנגען
שוין אַרויסצוגיין אין יוגנט
אַרבעט זוכן פאַר אַ לעבן.
זוּן געקראָגן האָט ער אַרבעט
אין אַן עכטער גויים־סביבה
ביי אַ גרויסער דייטשער פירמע.
איינגעזען האָט אויגוסט שפּעטער,
אַז ער וועט זיך צו אַ תּכלית
דאָרטן קיינמאָל נישט דערשלאָגן,
און ער איז אַוועקגעפאָרן
זוכן אַפריקאַנער גליקן.
לעבן זיי זיך ווי די דייטשן
און אַזוי שוין אויך דערצויגן
זייערע צוויי שיינע טעכטער
מיט די צוויי געזונטע בנים.

ס'איז זיין שאָפּ אַ גרויסע, שיינע,
פיין און זויבער אַלע סחורות,
די געהילפן און די דינער
ווייסן: בירנבויך איז פּינקטלעך
וועגן ריינקייט, קוקט מיט שטרענגקייט,
ס'מוז די סחורה שיינען, בלאַנקען,
שפּיגלען מוז עס אַלץ, מוז גלאַנצן! — — —

*

אַנדערש איז ביי נייטן פרומין.
ס'איז אין שאָפּ נישטאָ קיין סדר,
אָנגעוואָרפן אויפן טאָמבאַנק
שיך און זאָקן, מאַנטלען, הויזן,
רעקלעך, וועסטלעך, היטלען, קראַגנס,
צוקער, קאַווע, מיליס,*) גרויפּן,
אויסגעמישט איז אַלץ צוזאַמען.
דאָך, דאָס שאַדט אים נישט צו „ביזנעס",
אַלע זעען, אַלע ווייסן,
זיין געשעפט איז פּאָרט דער בעסטער,
ביי זיין „שאָפּ" אַלץ קאָכט און רודלט,
וועגענער, אויטאָמאָבילן,
און די שאָפּ געפּאַקט מיט קונדן,
אַלע הענט זענען באַשעפטיקט,
און עס מאַרקעוועט זיך תמיד!

*) „מיליס"—קוקורוזע.

אין אין מישמאַש און אין טומל
אין דעם שאָפּ־שטויב אָט דעם שווערן,
זעסטו שיינען צוויי פאַרטראַכטע,
קלוגע, שמייכלדיקע אויגן
אין ברונעטן לאַנגן פּנים,
איינגעפּאַסט אין שוואַרצן באָרד־ראַם.
ווייכקייט, איידלקייט און חכמה
אויסגעגאָסן איז אויף פרומינס
וווּנדערבאַרן ליבן פּנים.
אָפּגעזונדערט האַלט זיך פרומין,
קיינמאָל שפּילט ער נישט אין קאָרטן —
ער פאַרברענגט זיין צייט גאָר אַנדערש,
אין זיין צימער, וועלכער פול איז
מיט פיל צייטונגען און ביכער.
לייענט פיל און שרייבט, און לערנט,
כאַפּט זיך אָפּט צו דער גמרא
און פאַרטראַכט זיך און פאַרטיפט זיך,
ביז האַלבער נאַכט ער לערנט,
צוזינגענדיק אין דער שטילן.

אָפּט צערעדט זיך פרומין ליבלעך
וועגן אַפריקע און שמייכלט:
—„איבער געוואַלד ווערט מען געבוירן" —
זאָגט די הייליקע גמרא—
„און איבער געוואַלד דאָך שטאַרבט מען"
דאָס איז דאָך געוויס אַ סברה...
ס'ווערט געטאָן אַלץ אין דעם וועלטל

איבער געוואַלד און קעגן ווילן,
צו אַפריקע נאָר קומט מען ווייליק,
האָפּענונגען גלעטן, שפּילן...
ס'ציט אַהער דער וווּנדערבאַרער
גלאַנץ פון גאָלד אַזוי מאַגנעטיש!
מ'איז פאַרכישופט און פאַרבלענדט גאָר
און מען כאַפּט זיך, ווען צו שפּעט איז.
ס'ציִען די פאַרבלענדניש-גלאַנצן
פון דעם גאָלד-שיין רייציק טייער,
ווי די נאַרישע אינזעקטן
ציט אַריין דאָס בייזע פייער" — — —

* * *

פון וואָלאָזשינער ישיבה
איז ער יונג אַרויסגעקומען.
און צו בילדונג מיט התמדה
האָט ער דאַן זיך שטאַרק גענומען,
אָבער זאָרג וועגן אַ תּכלית
האָט געמאַכט אים טריב און מוטלאָז;
הערט ער דאַן עס רעדן מענטשן
פון די „אַפריקאַנער גליקן",
אַז עס וואַלגערן זיך מיליאָנען
גאָלד און דימענטן אין גאַסן...
פאָרט קיין אַפריקע דאַן פרומין,
זוכט ער גליקן, אָבער קריגט נישט...
מוחל איז ער שוין אינגאַנצן

אויף די פאַרגעשטעלטע גליקן,
ווען ער וואָלט נאָר קאָנען קריגן
אויף חיונה אַהיימצושיקן.
לויפט אַרום פון הויז צו הויז ער,
פּרוווט פאַרקויפן פּרוכט און קוכן,
שוועבעלעך און פּאַפּיראָסן,
האַלט אין איין פּרנסה זוכן.
ס׳איז קיין זאַך גאָרנישט צו שווער אים,
האַנדלט, שמאַנדלט אין די גאַסן,
קויפט ער אַלטע שיך און קליידער,
אַלטע שמאַטעס, זעק און פלאַשן.
ס׳האָט אים אויך שוין אָפט געטראָפן
ביי אַ טיר בזיונות האָבן.
ס׳האָבן אָפט אים שטאָלצע דאַמען,
מיט אַ טאָן אַ מיאוס גראָבן
אָנגעזאָגט מיט גרויס פאַראַכטונג,
מיט באַליידיקענדע ווערטער:
„קום צו אונזער טיר נישט מערער,
גיי זיך, זוך זיך אַנדערע ערטער!“ — — —
דאָך אויף מאָרגנס קומט ער ווייטער,
ער דערמאָנט זיך תּלמוד־פּראַזעס:
„שטאַרק זיך, פרומין, זיי נאָר מוטיק,
האָב אַ טיגערס גרויסע עזות!“ — — —
טראָגט ער, שלעפּט ער מיט אַן אימפּעט,
און מיט מאַכט זיין פּאַק דעם שווערן,
ס׳רינט זיין שוויים און אָפט גאָר פאַלן
הייסע טרערן פון די אויגן...

* *
*

פון די ערשטע שווערע יאָרן
אָפּט אַן עפּיזאָד דערציילט ער,
און פאַרחלומט זיך אַ ביסל:
ס'האָבן יידן אים געעצהט,
ער זאָל גיין צו בורעס „שמויזן" *) —
נעמען זיך אַ קליינעם פּעקל
זייגערס, אוירינגלעך און רינגען,
און דערצו נאָך ביבל-בילדער,
איבערהויפּט דאָס בילד פון יעזוס
אין די גוט-באַקאַנטע פּאָזעס,
און דאָס טראָגן צו פאַרקויפן:
בורעס האָבן ליב די צירונג,
קויפן זיי עס פריי און גערן,
און צו אָט די קדושהדיקע
גלאַנצעדיקע פאַרבן-בילדער,
ציט דאָס האַרץ זיי מיט אַ ליבשאַפט,
צאָלן זיי מיט פולע הויפנס,
און זיי אַלע ווענט באַהענגען
מיט די שיינעדיקע בילדער.
טוט עס פרומין מיט כוונה,
גייט ער זיך פון פאַרם צו פאַרם,
טראָגט דאָס פּעקל מיט די צירונג.

*) „שמויזן"—אַרומגיין האַנדלען.

איינמאָל גייט ער צו אַ גרויסן
פאַרם, וואָס רופט זיך „ווילדעביסטהוק",
וואָס געהערט צום רייכן ניקערק.
גייט אין לאַנגן וועג זיך איינזאַם,
פון דעם זאַמד דעם געלבן שווערן,
צוגעדעקט די שיך און קליידער,
און זיין פּנים איינגעחושכט
אונטער אַש־גראָלעכן וועג־שטויב,
קומט ער צו אַ קרומען בריקל,
וועלכער הענגט איבער אַ טייכל,
וואָס איז טיף גאָר אויסגעטריקנט,
גייט זיך פרומין אויפן בריקל,
שטעלט ער זיך אַ ווײַלע אָפּעט
לייגט אַוועק זיין פּעקל דאָרטן,
שפּאַרט זיך אָן אויפן פּאָרענטשע,
קוקט אַרונטער צו דער טיפעניש,
און פאַרטיפט זיך אין מחשבות......
ווי ער גייט די בריק אַריבער,
קומט ער אויף אַ קליינעם בערגל
צוגעדעקט מיט „קאַקטוס"־שפּע, *)
מוראדיקע גרויסע שטיינער,
וועלכע זעען אויס ווי הייזער,
וועלכע האָבן נישט קיין פענסטער,
און דער וועג ציט זיך צווישן...
גייט זיך פרומין דורך פאַמעלעך,

*) קאַקטוס—אַ מין שטאָליעטניק.

ציט דעם אָטעם און בלייבט שטיין דאַן
ביי אַ שטיינער=קראַל*) אַ לאַנגן,
אָנגעפּאַקט מיט לאַנג=באַוואָלטע
פּעטע שעפּסן און מיט לעמלעך.
עטוואָס ווייטער זעט ער שטייגן,
לעבן וועלכע עס שפּאַצירן
אַלע סאָרטן פיינע הינער,
גענז און אינדיקעס און ענטלעך.
פאַלט אים איין: „מען קאָן די עופות
אינם שטעטל גוט פאַרקויפן,
און מען קען אַ סך פאַרדינען!"
פלוצלינג שפרינגען פון אַ ביידל
צוויי מזיקים הינט אַרויסעט,
און באַפאַלן אים מיט רוגזה
מיט אַ בילעריי געוואַלדן...
טראַכט ער וועגן עשיוס כלבים,
וועלכע זענען אונזער פאָטער
יעקבן אַמאָל באַפאַלן,
און געוואָלט אים באַלד צערייסן,
האָט אָוועקגעזעצט זיך יעקב
אויף דער ערד, — — — זענען די כלבים
באַלד פאַרשטומטערהייט אַנטלאָפן...
— — — — — — — — — — — — — — —
גייט ער ווייטער, זעט ער הייזער
עטלעכע געבויט צוזאַמען

*) אומבאַדאַכטע שטאַל.

איין הויז איז דעם באַלעבאָס,
אין די אַנדערע דאָרט לעבן
אויפזעער פון פעלד און גאָרטן.
און אַ היפשער שטח ווייטער
שטייען שטרוי־הייזלעך פאַראומערט,
אָפּגעזונדערט פאַר די קאַפירס,
וועלכע טוען אַלע אַרבעט,
וואָס צו־שווער איז פאַר די ווייסע...
קומט ער נאָענט צו די הייזער,
קומען בורעס אים אַנטקעגן,
גיט מען אים געשמאַקע קאַווע,
און מען רופט צום טיש אים עסן,
דאַנקט ער האַרציק און ער זאָגט זיי,
אַז ער עסט קיינמאָל קיין פלייש נישט,
עסט נאָר אייער, מילך נאָר טרינקט ער,
ברענגט מען אים באַלד מילך און אייער,
און מען איז אים פיין מקרב,
און מען קומט זיך באַלד צונויפּעט
מענער, ווייבער מיט די קינדער,
מיט די קאַפירס, מיט די כּלבים,
עפנט ער דאָס פּעקל ברייטלעך,
און ער ווייזט די שיינע צירונג,
וועלכע אַלעמען געפעלט דאָ.
ווערט ער באַלד זייער באַשעפטיקט,
שרייט ער אויס צו זיינע קונים:
—„הערט נאָר, דזשענטעלמען, איר גוטע,
פאַר די צירונג קענט איר צאָלן

טאַקע האַרטע געלט במזומן,
אָבער פאַר די הייליקע בילדער
וויל איך האָבן דווקא עופות,
כ'האָב עס נייטיק. אַלזאָ, הערט=זשע,
פאַר אַ הון גיב איך אַ הייליק בילד אייך...
כ'גיב אַ בילד פאַר יעדן ענטל...
אָבער פאַר אַ גאַנז אַ גוטע,
גיב איך צוויי אייך מיטאַמאָל! — — — —

*　　*
*

אָנגעליטן האָט זיך פרומין,
שווער געפּלאָגט זיך לאַנגע יאָרן,
ביז ער איז אַ גרויסער „מערטשנט"*)
דאָ אין מאַלפּנהיים געוואָרן.
האָט ער זיך זיין אייגן דרך
ווי זיין „ביזנעס" אָנצופירן,
און ער זאָגט, אַז נאָר זיין אויפפיר
האָט געבראַכט אים מזל=ברכה.
שבת היט ער הייליק אָפּעט,
אויך די יידישע יום=טובים.
אין די דאָזיקע רו=טעג רוט ער,
האַלט זיין שאָפּ דאַן צוגעשלאָסן.
וווּנדערן זיך אַלע יידן,
ווי אַ מענטש קען זיך דערוואַגן

*) „מערטשנט"—אַ גרויס=הענדלער.

זיין באַשלאָסן פעסט, פאַרעקשנט,
צוצושליסן „ביזנעס" שבת,
וועלכער איז דער טאָג דער בעסטער
אין געשעפט פאַר פיל פּרנסה.
נאָר די בורעס, וועלכע זענען
מערסטנס רעליגיעז פאַנאַטיש,
און זיי האַלטן הויך די ביבל,
וואָס זיי לייענען און שעצן,
כאַפּן פרומינס אָנגאַנג אויפעט
מיט התפעלות, און זיי דוכט זיך,
אַז ער איז דער רעכטער. גוטער
ייד פון ביבל, פון פאַרצייטן...
קוקן זיי אים אָן מיט אַכטונג,
און זיי ווייזן אים גרויס פריינטשאַפט,
איינגעגלויבט אין אים זיי זענען,
האַלטן אים פאַר ערלעך, חשוב,
זיינס אַ וואָרט איז טייער הייליק,
און מען ליבט מיט אים צו האַנדלען,
אים צו געבן צו פאַרדינען.
שבת, יום-טוב וואַרטן פרומינס
טרייע קונדן גאַנץ געדולדיק,
ביז אָוונט, און ער עפנט
אויף די שאַפּ דאַן אויף א ווײַלע,
און ער גיט זיי, וואָס זיי דאַרפן.
קומט אַ שבת פאַר אַ „נאַכמאַל"*)

*) „נאַכמאַל"—אַ גרויסער יום-טוב אינם ערשטן זונטיק פון יעדן יאָר חדשים.

קומען בורעס פון די פאַרמס,
פון דער מאַלפּנהיימער געגנט,
בורעס אין די קאַראַוואַנעס,
וועגענער, אויטאָמאָבילן,
רייטנדיק אויף וועלאָסיפּעדן,
און אויך רייטנדיק אויף פערדלעך,
אום צו פייערן אין שטעטל
זייער יום־טוב און אין קירך גיין.
ווערן אָנגעפילט די גאַסן,
און עס רוישט און קאָכט מיט לעבן.
יום־טובדיק פאַרפּוצטע פאַרמערס,
פריילעך זיך אַרומשפּאַצירן,
פילן אָן די רעסטאָראַנען,
אַלע „קעפיס" אָנגעפאַקטע,
אַלע טוען גוטע „ביזנעס".
פרומינס שאָפּ איז צוגעשלאָסן,
אָבער גאַנצע מאַסן פאַרמערס
ביי דעם שאָפּ אין דרויסן שטייען,
וואַרטן דאָרטן גאַנץ געדולדיק,
פירן ברידערלעך אַ שמועס,
און דערציילן זיך דאָרט מעשיות,
אַנעקדאָטן, און זיי לאַכן,
ביז עס ענדיקט זיך דער שבת,
און די שאָפּ דאַן עפנט פרומין,
רינגלען זיי אים ליב אַרומעט
מיט אַ פריינטלעכן „או כאַן דאַט?"*)

*) „או כאַן דאַט"—ווי גייט עס?

מיט אַ האַנט־דריק טריי און האַרציק,
און זיי שפּאַרן זיך אַריינעט
אויף אַמאָל אין שאָפּ, און ס'ווערט באַלד
ווי אַ מאַרק אַזוי באַשעפטיקט,
און די קאַסע ווערט אַ פולע.

מיט די גרויסע גרינע אויגן,
פול מיט קנאה, קוקט זיך אויגוסט
בירנבויך צו פרומינס שאָפּ צו,
צום הוהאַ, געבּרום און שפע
פון די גלעצנדיקע געשעפטן,
שטוינט און וווּנדערט בירנבויך זיך,
און ער קען דאָס נישט באַגרייפן,
וואָס ביי אים איז שטיל און ליידיק
אין זיין שאָפּ די פיינע, גראַמע,
ס'העלפט די זויבערקייט אים גאָרנישט,
נישט דער גלאַנץ און בלאַנק פון סחורה;
און ער שטייט זיך אַ פאַרטראַכטער,
אָנגעשפּאַרט זיך אויף דער שאָפּ־טיר,
הענט צונויפגעלייגט זיך ברייטלעך,
זויגט דעם רויך פון קרומער פיפקע.
זעט ער בורעס טראָגן פעקלעך,
איינגעקויפט ביי נייטן פרומין,
רופט ער צו צו זיך די בורעס,
און ער רעדט מיט זיי און פרעגט זיי:
„זאָגט מיר, פריינט, איך בעט, דערקלערט מיר,
וואָס פאַר אַ בייז האָב איך געטון אייך,

אַז איר ווייכט פון מיין געשעפט גאָר — — —
אַז איר דאַרפט עפּעס וואָס קויפן,
האַרט פאַרביי מיין שאָפּ־טיר גייט איר
און צו פרומינען נאָר קומט איר.
האָב איך קעגן אייך געזינדיקט?
האָב איך אייך דען ווען געעוולהט?
אָדער איז דען שלעכט מיין סחורה,
אָדער איז מיין מאָס נישט ריכטיק,
אָדער איז מיין וואָג אַ פאַלשע?
כ'בעט אייך פריינטלעך, זאָגט מיר טאַקע,
וואָס קען זיין דאָס פאַר אַ סיבה,
וואָס אירווילט ביי מיר נישט קויפן?..."
ענטפערן אים דערויף די בורעס
מיט אַ פרום־נאַיִווער מינע,
אַלע מיט דעם זעלבן נוסח:
—„ווערט איז פרומין אונזער אַכטונג,
און פאַרדינט געשטיצט צו ווערן,
ווייל ער איז אַ ייד אַ גוטער,
און אויף זיין נאַציאָן שטאָלצירט ער,
און האַלט הייליק שטאַרק זיין שבת,
און זיין יום־טוב האַלט ער טייער,
דאָס באַווייזט, ער ליבט זיין ביבל,
און האַלט הויך זיינע פּרינציפּן.
אָט אַזעלכער מוז זיין ערלעך,
און פאַרדינט, מען זאָל אים גלויבן,
מ'זאָל צו אים גרויס צוטרוי האָבן,
און מען זאָל אים אונטערשטיצן.

אָבער דו, הער בירנבויך, דו
ווייסט אַליין נישט, וואָס דו ביסט גאָר,
היטסט נישט זונטיק, האָסט נישט שבת,
ס׳ווייזט, אַז דו פאַראַכטעסט די ביבל,
האָסט קיין גלויבן אין דיין האַרצן,
האָסט קיין גאָט נישט, קיין פּרינציפּן...
האָסט נישט קיין באַשטאַנד, קיין עכטקייט,
ווי־זשע קענסטו דאָס פאַרלאַנגען,
אַז מיר, פּרינציפּעלע קריסטן,
זאָלן אַכטן און געטרויען
אַזאַ ספקותדיקן מענטשן?...״
אָט אַזוי, טאָג איין, טאָג אויסעט,
רעדן זיי גאָר קלאָר און דייטלעך,
און זיי מיינען דאָס גאַנץ ערנסט.
און ער זעט, עס שאַדט אים טאַקע,
ברענט עס בירנבויכן זייער,
און איז אויפגערעגט, צערודערט,
זוכט זיך אַלץ אַ גוטע עצה,
ווי צו ראַטעווען זיין „ביזנעס״,
און פאַריינס אויך פרומינען אָפּטון,
ס׳זאָל אים וויי טאָן, ס׳זאָל אים קרענקען...
נאָך אַ לאַנגן טראַכטן זוכן
האָט ער שוין אַ ראַט געפונען...

* *
*

אין אַ העלן זונטיק־מאָרגן
קלינגט דער גרויסער גלאָק דער שווערער
פון דער קירך פאַר פּראָטעסטאַנטן,
וועלכער רופט זיך „קירך פון ענגלאַנד".
ס'רייסט דער גלאָקן־קלאַנג די לופט איין,
עס פאַרהילכט, פאַרטויבט די אויערן,
ס'קלינגט מיט גבורה און נצחון —
ס'האָט געזיגט די קירך פון ענגלאַנג
איבער יידישע נשמות.
בירנבויך מיט ווייב און קינדער
זענען מיט פאַראַד דעם גרעסטן
אָפּגעשמדט אַלס פּראָטעסטאַנטן.

* *
*

אויפגעבראויזט מיט קנאה־כעס
זענען אַלע פרומע בורעס
אויף דער עוולה, אויף דער חוצפה
פון פאַרדאַמטן יידן בירנבויך,
וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן
„קירך פון ענגלאַנד" פאַר זיין שמד־קירך,
און ער האָט דערמיט פאַרשעמט זיי.
מיט דער ליבער קירך פון האָלאַנד

אָט די גרעסטע, רעפּאָרמירטע —
איר אַ פּאַטש דערלאַנגט אין פּנים...
רעדן אָט מיט אים די בּורעס,
געבּן אָנצוהערן דייטלעך:
אים דערפאַר וועלן זיי אָפּטאָן,
און זיי וועלן גאָר אינגאַנצן
זיין געשעפט איצט בּאָיקאָטירן...

* *

*

שטאַרק מבולבל און צעשראָקן
איז הער בּירנבּויך געוואָרן,
ליפט ער בּאַלד אַוועק צום גלח
פון דער גרויסער קירך פון האָלאַנד,
און ער מאַכט אים דאַן אַ פאָרשטעל:
ער מיט ווייבּ און זיינע קינדער —
אָט די זעקס געטרייע קריסטן —
זענען צום בּאַשלוס געקומען,
אַז זיי זאָלן זיך צעטיילן
אין די צוויי, די פיינסטע קירכן:
ער אַליין און צוויי פון זיינע
קינדער בּלייבּן שוין בּיי איינער,
און זיין ווייבּ מיט נאָך צוויי קינדער
זאָלן איבּערגיין צו דער צווייטער.
האָט דער „פּרעדיקאַנט“ דער גוטער
אָנגענומען אָט דעם פאָרשטעל,

און די בירנבויך פאַמיליע
איצט געהערן צו צוויי קירכן.

רופן ייִדן די פאַמיליע
בירנבויכס: „די משומדים".
נאָר די גוייִם פון דער געגנט
האָבן נישט קיין אַנדער נאָמען
פאַר די בירנבויכס פאַמיליע
ווי נאָר: „די איזראַעליטן"...

ס'איז אַ זעלטענע איראָניע!
אַלע גוייִם קאָנען, ווייסן
אַלע נעמען פון די ייִדן,
רופן יעדן ייד ביים נאָמען.
נאָר אָט דווקא די משומדים
רופט מען נאָר „איזראַעליטן"...
האָט דערפון גרויס עגמת־נפש
בירנבויך און קאָכט מיט רוגזה:
בעט ער זיך ביי אַלע גויים,
מען זאָל רופן אים ביים נאָמען...
נאָר עס העלפן נישט קיין ווערטער,
גאָר נישטאָ דערצו קיין מיטל,
פעסט אַזוי זיך איינגעגעסן
האָט דער נאָמען ביי די קריסטן
אין די מוחות, און געבליבן
אָפּגעשטעמפּלט שוין אויף אייביק...
עקבערט בירנבויכן, שטעכט עס,

ווי געבּרענטע נאָדלען שאַרפע
אין אַ רויער וווּנד אַ בּייזער...
און נאָך מער פאַרדריסט און פּלאָגט אים,
איינגעזען האָט ער דערפאַרן,
נישט געלוינט זיך אים צו שמדן,
ווייל עס האָט אים נישט געהאָלפן
צוצוציִען דאָס פאַרטרויען
פון די גויים, וועלכע האָבן
אָפּגעקערט פון אים, דערווייטערט — — —
און זיין בּיזנעס איז טאָג־טעגלעך
אַלץ געגאַנגען ערגער, ערגער.

* *

*

אין אַ נאַכט אַ חושכדיקער
האָט אַ רויטער רויך אַ דיקער
פון דער שאָפּ פון בּירנבּויכן
זיך אַרויסגעשפּאַרט מיט אימפּעט,
ס'האָט זיך אויסגעשפּרייט גאַנץ בּרייטלעך
איבּער מאַלפּנהיים דער שטילער,
פּלוצלונג האָט אַ גרויסער פייער,
רויטע בּייזע שדים־צונגען
רוגזהדיק זיך דורכגעריסן
דורכן דאַך און דורך די פענסטער
מיט אַ קלאַפּעריי און טומל,
גרויסע פייערדיקע פליגלען

האָבן שטאַרק געפּאַטשט, געליאַרמט,
ס'איז ס'געשעפט פאַרברענט געוואָרן,
אַ באַרג אַש דערפון געוואָרן.
אויפגעציטערט איז דאָס שטעטל,
ס'איז אַ גרויס געלויף, גערודער,
אָנגעפּאַקט זענען די גאַסן
פון די האַלב־פאַרשלאָפענע בירגער,
מיט די אויגן אויסגעגלאָצטע,
בלאַסע פּנימער צעשראָקן.
שרייט אַ בור אַן עלטערער דאָרט:
— „וואָס האָט דאָ געטראָפן, ברידער?
זאָגט מיר אויס, דערבאַרעמט זיך־זשע,
וואָס'ט פּאַסירט דאָ פאַר אַן אומגליק?"
ענטפערט אים אַ בור אַ יונגער:
— „זיי נישט, פעטערל, דערשראָקן,
פעטערל, זע, בלייב באַרויִקט,
ס'איז קיין בייז נישט... ס'איז אַ **שרפה...**
דאָרט ביי די „איזראַעליטן".
דער איזראַעליט אַליין איז
מיט זיין האָב און גוטס צוזאַמען
אין זיין שאַפּ פאַרברענט געוואָרן..."

**געדרוקט** אין „אפריקאַנער יידישער צייטונג", 1932

„... Let Love clasp Crief lest both be drown'd,
Let darkness keep her raven gloss:
Ah, sweeter to be drunk with loss,
To dance with Death, to beat the ground,

Than that the victor Hours should scorn,
The long result of love, and boast,
Behold the man that loved and lost,
But all he was is overworn".

(Tennyson).

# בלאָנדזשעניש

## 1

שטייט זיך איינזאַם אויף אַ בערגל,
אינם מיטן פעלד דעם ברייטן,
אַן עקאַליפּטוס־בוים אַ הויכער,
אַלט און עלנט, קוקט צום הימל.
האָט די זון אויף אים רחמנות,
וואַרפט אים צו אָפּט אַ מתּנה:
זונענגאָלד אַ פולן הויפן,
שיט אים אָפּ מיט ליכט־בריליאַנטן.
נאָר עס בלייבט ביי אים דער יאוש,
שאָקלט ער זיך קעגן הימל
מיט אַ תּפילה, מיט אַ קלאָג־ליד,
שטילערהייט איבער זיין עלנט...

* *
*

אין דעם עקאַליפּטוס־שאָטן
זיצט די שיינע זעלמאַ גאָלדין,
זייער בלאַס איר מידער פּנים,
לויז די שוואַרצע האָר צעוואָרפן,

אירע גרויסע ברוינע אויגן
אומבאַוועגט און ברייט געעפנט
קוקן הויך אַרויף צום הימל
אין אַ שטילער, טיפער תּפילה...

*　　　*

*

ווען געקומען איז דאָ זעלמא
פון איר היים, פון ווייטער זאַמוט,
האָט געלויכטן דאַן איר פּנים,
און די רויטע שמייכלדיקע,
ווייכע ליפּן פול געוועזן
מיטן זיסטן חן פון ליבשאַפט,
פריילעך, רירעוודיק באַוועגלעך,
ווי אַ פייגעלע אין זומער,
שוועבט און פלאַטערט פריי אַרומעט,
חדווהדיק אין גאָרטן־רחבות.
דורך די קלאָרע אויגן אירע
האָט אַרויסגעקוקט אַ ריינקייט
פון אַ צערטלעכער נשמה,
אָנגעזאַפּט מיט ליבע, ליבע.

אין דער סאַמער יוגנט אירער
האָט איר האַרציקער געליבטער
היים פאַרלאָזן, זוכן גליקן
אינם לאַנד פון זון און גאָלד־גלאַנץ.

און כאָטש לאַנגע שווערע יאָרן
האָט זי אַלץ געשמאַכט, געליטן
דאָך איר פרישקייט און איר שיינקייט
איז געוואָרן אויפגעהאַלטן
דורך דערקוויקענדיקער טרייסטונג,
דורך די זיסע האָפענונגען:
אַז איר טייערער געליבטער
וועט אַהיים צו זיך זי ברענגען
אינם לאַנד פון לאַנגע זומערס,
אינם דימענט=לאַנד דעם פרייען...

*

טראַכט זי וועגן איר געליבטן,
שלום טרוימקינד, וועמען ס'האָט שוין
פון איר סאַמער צאַרטער יוגנט
אָנגעהערט איר האַרץ דאָס ריינע,
וואָס געשמאַכט און אויסגעהונגערט
האָט געצאַפּלט מיט באַגערן,
מיט אַ ברענעדיקער ליבע
טריי צו אים, פאַר אים אַליין נאָר —
שפּרינגט אַרויס פאַר אירע אויגן
ס'בילד פון איר געבורט=שטעטעלע,
וויסטעטנאָווסקע, אין דער זאַמוט,
מיט די לאַנגע פוסטע גאַסן,
מיטן מאַרק און מיטן קלויסטער,
מיט די פינף בתי=מדרשים,

מיטן קליינעם שיינעם מיל=טייך,
און דעם וואַסער=מיל דעם גראָען,
אויך די גרויסע אַלטע חורבה
מיטן גאַניק דעם צעפוילטן,
איבער וועלכן ס'איז געהאַנגען
אַ צווייט=קעפּיק גרויסער אָדלער,
און אַ קלאָרע אויפשריפט אויבן:
„וואָלאָסטנאָיע אופּראַוולעניע”.
ס'ציען זיך פאַר אירע אויגן
סעדער מיט די ברעטער=פּאַרקנס,
איבער וועלכע ס'הענגען צווייגן,
אָנגעפּיקעוועט מיט באַרנעס,
און מיט רויטע פלוימען, וועלכע
ווינקען, מ'זאָל זיי רייסן, עסן.
גערטענער באַזונט, געלאָדן
אַלערלייענע פיל גרינסן.
לאַנגע ברייטע גרינע פעלדער.
צוגעדעקט מיט היי און קלעווער,
פון צווישן וועלכע ס'האָבן
חנעוודיק אַרויסגעפינטלט
ווייסע, בלאָע, רויטע בלימלעך
און די געלבלעכע „ראָמאַנקעס”,
און די שפּעדיקע פעלדער
מיט די הויכע קאָרן=זאַנגען,
וועלכע, בויגנדיק זיך לאַנגזאַם
דורך אַ מילדן שטילן ווינטל,
האָבן אויסגעזען ווי וואַלן

אויף אַ העל=גרינלעכן ים=גוס.
אָבער דייטלעכער און קלאָרער
לעבט פאַר אירע אויגן אויפעט
די לאַנגע פּראַכטיקע אַלייע,
וועלכע „הייפּיש וועג" דאָרט רופט מען,
ווייל דאָס פירט צום הויף פון „שררה".
אַלטע, הויכע, דיקע ביימער,
צוגעדעקט מיט שיינע ווייכע
„מאַי", אי בלאָלעכע, אי ווייסע,
וועלכע שמעקט געשמאַק מחיה,
ס'דרינגט דער הימליש=זיסער ריח,
חיותדיק אַריין אין האַרצן,
עס דערקוויקט זיך די נשמה!
אין דער דאָזיקער אַלייע
פלעגן וויסטענאָווסקער יידן
נאָר אין שבת און אין יום=טוב
ברייטלעך זיך אַרומשפּאַצירן
און אַ סך הנאה האָבן,
פרישע לופט און כוח שעפּן
אויף אַ גאַנצער וואָך אַ שווערער.
נאָר די גאַנצע וואָך פון אַרבעט,
פלעגט די ליבלעכע אַלייע
בלייבן רויִק שטיל אָן מענטשן,
אויסער איין פאַרליבטע פּאָרל
עפּעס נאָר פון אַלטע יאָרן
פלעגט דאָרט נאַכט=איין נאַכט=אויסעט
אומוואַנדלען אַזוי ווי שאָטנס,

און געזען האָט זיי אָפט זעלמא
אָט די „אייביקע פאַרליבטע",
אומעטיקע, טריב-פאַרטראַכטע,
עפּעס ווי זיי וואָלטן קומען
פון חלומות-וועלט אַהינצו,
בלאָנדזשענדיק צווישן יענע
אַלטע מאַי-ביימער די דיקע...

*

אויפן ווינקל ביים אַריינגאַנג
פונם כישופדיקן הויף-וועג,
איז געשטאַנען ס'הויז דאָס גרויסע
פון איר שלום טרוימקינדס פאָטער.
רייך געווען איז הירשע טרוימקינד,
ס'האָבן אין זיין גרויסן ביר-בראויז
גוט דערנערט זיך פיל נפשות.
גרויסער באַלעבאָס געוועזן,
קאָפּ פון אַלע צדקה-חברות,
דער באַליבסטער ייד ביי יידן,
און געאַכט ביי אַלע גויים.
פרום און גוט געווען איז איטל,
הירשע טרוימקינדס פרוי די ליבע.
זייערע דריי פיינע טעכטער
פלעגן פריילעך זינגען, שפּילן,
און פאַרהילכן מיט געלעכטער
ס'הויז, וואָס איז אַרומגערינגלט

מיט אַ גאָרטן הויכע דעמבעס.
און צוויי זין פֿאַרפֿאָלקאָמט האָבן
ס'גליק פֿון טאַטע־מאַמען, וועלכע
האָבן האָלט געהאַט די קינדער
ווי דאָס לעבן. נאָר דעם עלטסטן,
שלומען — נאָך מער ווי ס'לעבן!

**2**

און אַזוי געניי ווייס זעלמא
דעם „בראשית" פֿון דעם לעבן
פֿון איר ליבסטן שלום טרוימקינד,
וועלכער דאָ אין לאַנד הייסט „סעמי"...
פֿינף יאָר אַלט איז ער געווען,
ווען ער איז אַריין אין חדר,
אַן אַלט־מאָדישער מלמד
האָט אים אַלף־בית געלערנט,
און געוואָרפֿן אים צוקערקעס
אויפֿן סידור און געזאָגט אים:
— „שלומקע, מלאכים וואַרפֿן
צוקערלעך, כּדי זאָלסט לערנען!..."
און ער האָט געלערנט פֿלייסיק.
אינם ערשטן זמן שוין חומש,
אויפֿן צווייטן שוין נביאים,
אויפֿן פֿינפֿטן שוין גמרא,

צייכנט אויס זיך אין העברעיִש,
לערנט אויך מיט חשק רוסיש.

פון זיין סאַמער פרייער יוגנט
איז זיין בעסטער חבר וועלוול,
זעלמאַס ברודער, אַ בן־יחיד
ביי די עלטערן די רייכע.
איסר גאָלדין, זייער פאָטער,
גרעסטער וואַלד־סוחר אין געגנט,
לאָזט זיך אויף די קינדער קאָסטן,
ס׳זאָל קיין וווּלטיק זיי נישט פעלן.
ביי די טייערסטע מלמדים,
אין די בעסטע קלאַסן, לערנען
וועלוול מיט זיין חבר שלום.
אין די אָוונטן פון זומער,
אין דעם קלאָרן מיל־טייך וואַסער
לויפן זיי זיך ביידע באָדן,
און זיי שווימען און זיי שטיפן,
אין די זומער־טעג די פרייע
שפּילן זיי זיך אין סאָלדאַטן,
„גענעראַלן״ זענען ביידע,
און זיי קלייבן חדר־יינגלעך
אַלס סאָלדאַטן גאַנצע פּאָלקן.
און זיי ביידע „קאָמאַנדירן״,
און „מושטירן״ די סאָלדאַטן:
„היי, נאַלעוואָ, היי, נאַפּראַוואָ!״
און אין וווּנדערבאַרער אָרדענונג

איבער פעלדער און דורך וועלדער
ווייט מאַרשירן זיי, ביז ס׳קומען
פון די נאָענטע קליינע דערפלעך
שקצים מיט פיל; הינט און שטיינער,
און עס ווערט באַלד אַ מלחמה...
און די „העלדן״, „גענעראַלן״
מיט די „פאָלקן״, די „סאָלדאַטן״
לויפן, פליען אָן אַן אָרדענונג
אַהיים צוריק אין זייער שטעטל...

ווינטער פלעגן די חברים
גליטשן זיך מיט גרויס הנאה
אויפן גלאַטן אייז פון מיל=טייך,
און פון ווייכן שניי דעם צאַרטן
בויען פאַלאַצן און הייזער
און באַשאַפן גרויסע מענטשן...

נאָך בר=מצווה קומעןביידע
אָן צום רב צו לערנען תלמוד,
מיט אַ ברען, מיט גרויס התמדה
ווערן זיי פאַרטיפט אין פילפול
גאַנצע טעג און אָפט נעכט לאַנגע.
ס׳קוועלט דער רב און זאָגט מיט נחת,
אַז זיי זענען ווילדע יינגלעך,
ס׳וועט פון זיי גאָר רעכטסט אויסוואַקסן,
אויב זיי וועלן זיך נאָר האַלטן
אָנצוגיין אין גוטן דרך.

נאָר זיי זענען נישט געגאַנגען
אין דעם דרך... שוין צו זעכצן
די גמרא אַוועקגעוואָרפן,
און פאַרטיפט זיך מיט אַ חשק
וועלטלעך, וויסנשאַפט צו לערנען,
טאָג און נאַכט אָן סוף געלייענט.
און די צוויי חברימס הערצער
ווערן אָנגעפילט מיט פייער
פונם אידעאַל צו קעמפן
פאַר באַפרייונג פון דער מענטשהייט,
פאַר גערעכטיקייט און אמת,
פאַר דער גרויסער רעוואָלוציע.

אין באַראָזשעוון געדיכטן,
ווייסן וואַלד, נישט ווייט פון שטעטל,
פייערדיק רעדט סעמי טרוימקינד,
יעדעס וואָרט—אַ פלאַם אַ העלער,
מיט אַ האַרציק טיפן ערנסט
אַלעמען צום קאַמף פריי רופט ער.
ס'קאָכט מיט טרוימקינדן דאָס שטעטל,
מ'רעדט פון אים אין בית־המדרש,
און מען רעדט פון אים אין מאַרק־פלאַץ.
כאַפּט זיך אָפּט אַריין אין שטעטלעך,
טראָגט אַריין אַהין, פאַרשפּרייט דאָרט
וויסנשאַפט און רעוואָלוציע.
ס'ווערט געוואָר פון אים דער פּריסטאַוו,
און באַטראַכט אים אַלס „געפערלעך".

נאָכצושפּירן אָט דעם „מזיק" —
זאָגט ער שטרענג אָן זיין „אוראַדניק",
וועלכער דעם באַפעל נעמט אָנעט
מיט פאַרבאָרגענער פאַראַכטונג,
ווייל ער טראָגט גאָר אויך אַ שנאה
צו דער הערשאַפט בייז און בלוטיק,
און האָט פיינט דעם גראָבן „פּריסטאַוו"
מיט זיין כאַמישער באַנעמונג.
פריינטלט ער מיט טרוימקינדן זיך,
וואָרנט אים, ווען זיך צו היטן
פון די פּאָליציישע אויגן,
און דערציילט פאַרבאָרגענע סודות
וועגן קאַנצעלאַריע־רשעות,
און די גזלות פון „נאַטשאַלסטוואָ",
וועלכע זענען אָפטע טעמעס
פאַר די לאַנגע פּראָקלאַמאַציעס,
וועלכע טרוימקינד גוט פאַרפאַסט זיי
אין אַ קלוגן סטיל געלונגען.

ס'לעבן זעלמאַן אין מחשבה
אַלע פּרטים, וועלכע האָבן
צו איר טרוימקינדן אַ שייכות
פון דעם „אָנהויב", ווען זי איז נאָך
אונטער אויפזיכט פון איר מאַמען
תמיד אין דער שול פאַרנומען,
„אים" פלעגט זי נאָר עפּעס איילִיק,
לייכט, פאַרביילויפיק באַמערקן

מיט אַ „זדראַוואסטוויטע“ אַ שטילן.
אַט שוימט אויף איר אויפן זינען
אַ פּאַסירונג, וועלכע רירט זי:
טרוימקינד מיט איר ברודער זענען
אינם עס־צימער געשטאַנען,
און געשושקעט עפּעס סודות...
זי פון שול איז אָנגעקומען,
בעקלעך פונם פראָסט געררויטלט,
און פון לויפן אַזוי מידלעך,
גיך די טיר האָט זי געעפנט,
אויסרופנדיק פריילעך: „מאַמע!“
שטיפנדיק לויפט איר אַנטקעגן
טרוימקינד, שרייט מיט פרויען־שטימע:
„יע, מיין קינד, וואָס וועסטו זאָגן?“
כאַפּט אַריין איר אין די אָרעמס,
און צעקושט די רויטע בעקלעך,
און זי ראַנגלט זיך און רייסט זיך
פון די פעסטע אָרעמס זיינע.
די חברים לאַכן הילכיק.

אַלס אַ וואונדער־קינד באַטראַכט מען
זעלמאַן מיטן קלאָרן פּנים,
מיט איר פריילעכקייט און פרייקייט,
מיט איר שכלדיקן רעדן,
מיטן איבערפלוס פון גוטסקייט
אין די שמייכלדיקע קלוגע,
לעבהאַפּטיקע, ברוינע אויגן

אינם זוניקן געלעכטער,
וועלכער שיינט אויף ס׳פיינע מיילכל,
וואָס ווערט אָפּגעקושט נישט־זעלטן
פון איר טרוימקינדס ווייכע ליפּן,
און עס איז איר יונג הערצל
איבערגעגעבן אים, איר חבר.
ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ איר, הויבט זיך לוסטיק,
ווען זי, אָנקוקנדיק, רעדט ער.
נעמט ער צערטלעך אָן ביי דער האַנט איר,
רוישט איר קאָכיק בלוט דאָס יונגע...
ווען זי וואָלט זיך נאָר נישט שעמען,
וואָלט זי האַלזן אים, האַליובן,
קיינמאָל נישט אַוועקצולאָזן,
ביז זיי וואָלטן ביידע ווערן
אינאײנעם צונויפגעוואַקסן...
וואָלט זי איינגראָבן איר פּנים
טיף אין ברוסט אים און דערציילן
פון חלומות אירע זיסע,
וואָס נאַכט־איין, נאַכט־אויס אַלץ זעט זי...

נאָך אַ בילדל פון איר יוגנט:
ווי צוויי קליינע חדר־קינדער,
האַלטנדיק זיך פאַר די הענט דאַן,
אויף אַ שמאָלן ווייסן שטעגל,
צווישן גערשטן־פעלדער לויפן
ביידע לאַכנדיק און פריילעך,
ס׳לויכט און שטראַלט אַרויס די יוגנט

פון די פנימער די צאַרטע.
ס'דוכט זיך זיי: די זון צעלאַכט זיך,
פריילעך טאַנצט זי אינם הימל,
רופט צו זיי פון בלאָער ווייטקייט
מיט אַ קול, וואָס נאָר זיי הערן:
„הוליעט, קינדער, פרייט זיך, ליבט זיך!"
ס'לאַכט און רופט זיי פון דער ווייטנס
דער געדיכטער וואַלד, דער אַלטער,
אויפן הויכן באַרג דעם גרינעם.

שיטער איז דעם וואַלדס אַריינגאַנג,
קורצע, דינע, יונגע ביימלעך
און אַ סך צו ווייטע בלעטער
געבליבן נאָך פון פאַראַיאָרן,
גאַנץ פאַרוועלקט און אויסגעטריקנט...
און פון צווישן אָט די בלעטער
רייסן זיך אַרויס, פול לעבן,
פרישע, גרינע, ברייטע בלעטער,
„שטשאַוול", „פויקן" זויערלעכע.
און וואָס העכער מ'גייט אַרויפעט
אויף דעם וואַלד־באַרג, און וואָס טיפער,
אַלץ געדיכטער ווערן ביימער,
ביז מען ווערט גאַנץ טיף פאַרשלונגען
אין דעם ריזן־ביימער־שפע.
דאָרטן ווערט די שטאָט פאַרגעסן,
גאָר אַן אנדער חשוב לעבן
ווידמעט זיך אין וואַלד אין פרייען!

זיסע קילקייט, לאָבונג־ריחות
פילן אָן די לופט די פרישע,
אָנגעזאַפּט מיט סודות־שטימונג,
מיט געהילך פון צווישטשערייען
מיט די שענסטע זינגערייען
פון פיל סאָרטן וואַלד־פייגעלעך.
מילדלעך בלאָנדזשען דאָרטן ביידע,
און זיי ווערן אַלץ וואָס ווייטער
מער פאַרפּלאָנטערט אין דיביימער,
ביז זיי קומען צו אַ הויכן
באַרג, אויף וועלכן אויבן שטייט זיך
אַ הילך־שטיבל אַ קיילעכדיקס.
אויף פיל טרעפּ דאָס פּאָרל קלעטערט,
ביז זיי ס׳הילך־שטיבל דערגרייכן,
זינגען זיך פאַנאַנדער ביידע,
און ס׳קלינגט אָפּ גאַנץ הויך, ס׳צעגיסט זיך
אין די שרייענדיקסטע עכאָס.
פלוצלונג שרייט אַרויס דאַן טרוימקינד:
„אוי, ווי האָלט איך האָב דיך, זעלמאַ!“
און דורך אַלע אָפענע פענסטער
הויך, ביים הילך־שטיבלישן דעכל
טראָגן זיך אַריין מיט ליאַרם
העכסטע לופט־רייסיקע עכאָס:
„אוי, ווי האָלט איך האָב דיך, זעלמאַ!“

# 3

יענע וווּנדערבאַרע יאָרן
פון ראָמאַנס און יוגנט=גליקן
לויפן גיך, ווערן פאַרשווונדן.

הירשע טרוימקינד איז בדלות,
אָן אַ שטיקל ברויט געבליבן,
דורך דעם בייזן גראַף שווינישקין,
וועלכער האָט אַ גרויסן חשק
צו דעם יידנס פיינעם ביר=ברויז.

צוויי=דריי יאָר איז אָנגעגאַנגען
אַ פּראָצעס אַזוי פאַרביסן,
טענות האָט דער גראַף אַ פולע,
פעסט באַגרינדעט אויף באַווייזן,
אַז געבויט איז גאָר דער ביר=ברויז
אויפן פּלאַץ פון גראַף שווינישקי.
נאָטאַריסעס און אַדוואָקאַטן
האָבן טרוימקינדס בלוט געזויגן,
די ריכטער מיטן גראַפס חברים,
שפּילן גאַנצע טעג אין קאָרטן,
און מען באָדט זיך אין שאַמפּאַניער.

הירשע טרוימקינד האָט פאַרלאָרן
און פון האַרץ=ווייטיק געשטאָרבן.

אָרעם, עלנט און פאַרטרויערט
איז געבליבן דאָן סעם טרוימקינד,
און פאַרדאַגהט וועגן תּכלית.
איסר גאָלדין האָט געעצהט
טרוימקינדן זיין גליק צו זוכן
ווייט אין אַפריקע, דער רייכער,
אין דער גאָלדענער מדינה,
וווּ עס לעבט אַ פריינט פון גאָלדין
מיטן נאָמען מאַקס לומפּאָווסקי.
מאַלפנהיים דאָס שטעטלס נאָמען.

*

אָפּגעזעגנט האָט זיך טרוימקינד
מיט דער ליבער טרייער מאַמען,
מיט די פעלדער און די וועלדער,
אינם טייכל פונם שטעטל,
וועלכע זענען ענג פאַרבונדן
מיט זיין יוגנט, מיט זיין לעבן,
שווער און ביטער איז געוועזן
אָט די דאָזיקע צעשיידונג!

אָבער שיידן זיך מיט זעלמאַן
איז געווען צו שרעקלעך,
ס׳וואָלט געוויס געווען פאַר אים לייכטער
פונם לעבן זיך צו שיידן!

*

װען זײ האָבן זיך געזעגנט
איז אַ װינטער־נאַכט געװעזן,
שטיל און קלאָר, און קאַלט און ליכטיק,
ס׳האָט דער פראָסט גאַנץ שטאָלץ געװעלטיקט,
פײגעלעך זענען פון בײמער
אַראָפּגעפאַלן, שטײף, פאַרפראָרן.
װײס װי מילך די ערד, אינגאַנצן
צוגעדעקט מיט שנײ מיט צאַרטן,
װעלכע, אין דער גרױסער שפע
פון לבנה־ליכט די קלאָרע,
אױסגעזען האָט נאָך מער צאַרטער,
און פאַרװײסט די לופט, באַלױכטן.
אונטער בײדנס טריט די האַרטע
קנאַקט דער שנײ־גלאַנץ זיך פאַנאַנדער.
שװײגנדיק און פעסט געאַרמט,
בײדע װי צונױפגעשמאָלצן,
גײען זײ אין שטילער קלאָרקײט,
אָן אַ סוף געקושט, געהאַלזט זיך,
װי אַ זיגל צוגעדריקט איז
ס׳מײדלס יוגנטפולער בוזעם
צו זײן ברוסט דעם קלאַפּנדיקן.
בײדנס ליפּן זיך צוזאַמען
אײנגעגעסן, װי באַשלאָסן
טיף אין זיך גאָר אײנצוזױגן

דורשטיק איינער פונם צווייטנס
לעבנס=אָטעם=זאַפּט אויף אייביק.

...און אויף מאָרגן זיצט שוין טרוימקינד
אין ראַכמילקע פורמאַנס שליטן,
איינגעדעקט מיט שעפּס=פעלן=קאָלדרעס,
אומעטיק אַזוי דערשלאָגן,
פאַרטיק שוין אַוועקצופאָרן.

אויף איר הויז=גאַניק דעם קליינעם
שטייט זי מיט פאַרוויינטע אויגן,
נאָך אַ לאַנגער נאַכט פון טרערן,
וויל זיך אָפּהאַלטן פון וויינען,
קערט זי אָפּ די אָנגעטרערטע
אויגן, פאַלן אירע בליקן
צו דעם קליינעם טויבן=נעסטל
אינם אָפּדאַך פונם גאַניק,
קומט פון נעסט אַרויס אַ טייבל,
גאָלדיק גרינלעך איז זיין קעפּל,
גאָלדיק=בלוילעך זיינע פליגלען,
שטייט אין נעסט=טירל צעשראָקן,
פאַרזיכטיק און שטיל באַקוקט עס
אַלץ אַרום און הויבט די פליגלען,
לאָזט זיך מיטאַמאָל אַוועק,
און פאַרפליט, העט ווייט פאַרפליט עס — — —

...אָט דערלאַנגט ראַכמילקע פורמאַן
זיינע פערד אַ שמיץ אַ לייכטן,

און אָט טראָגט זיך שוין דער שליטן,
ס׳ציט און גליטשט זיך ווייטער, ווייטער,
ס׳איז שוין ווייט אַראָפּ פון בערגל — — —
אָט אינגאַנצן שוין פאַרשוווּנדן!

— — — — — — — — — — — — — — —

און אַ גרויסן בריוו האָט ער איר
פון דער פּאָרט־שטאָט אָנגעשריבן,
פול מיט צערטלעכקייט און ליבע
איז דער זיסער בריוו געוועזן,
זיינע בענקעניש־פאַרלאַנגען
אויסגעגאָסן אין די ריינע,
פיינע קלאָרע פּערל־ווערטער,
וועלכע זי׳ט געקושט אָן אויפהער...
ס׳לעבט די שילדערונג פון וועג דאָרט —
ווי פון גאָט פאַרלאָזן שטייט ער
שטילערהייט אין באַן ביים פענסטער,
קוקט אַרויס מיט שטאַרע אויגן,
זעט ער ווייסע פעלדער, וועלדער,
שטום און וויסט און שטייף פאַרפראָרן...
וויסט און פוסט איז אים אין האַרצן.
כליפּעט קינדיש זיך פאַנאַנדער,
און ער וויל פון גרויס פאַרלאַנגען
ס׳אייגן פלייש פון זיך צערייסן.
אַזאַ בענקעניש־יסורים
האָט ער קיינמאָל נישט באַגריפן!

*

און אין בריוו פון ים איר שרייבט ער:
ס׳קאַכט און רוישט דער ים, ער רוט נישט,
אַזוי איז אויך מיין האַרץ צעשטורעמט
פון מיין ליבע, וואָס פאַרשטאַרקט זיך,
ווי עס שפּיגלט זיך דער הימל
אין די מוראדיקע כוואַליעס,
און ס׳פאַרענדערט זיך נישט אייביק,
אָט אַזוי, מיין פיל געליבטע,
וועט דיין אָנבליק אין נשמה
טיף אין מיר זיך אייביק שפּיגלען!
לעבסט אין מיר, מיין זיסע זעלמאַ!
איינגעוועבט און איינגעפלאָכטן
אין מיין זייל איז מיר דיין נפש.
ביסט מיר שוועסטער, ביסט מיר מאַמע,
ביסט מיר טייער, קינד און ליבלינג,
האַרציקסטע געליבטע מיינע!
אַלע טייערע געפילן,
אַלע צערטלעכסטע מחשבות,
זעלמאַ, דיר געהערן אייביק!״— — —

* *

*

פון אַפריקע זיין בריוו דער ערשטער
האָט איר ממש ווי פאַרשיכּורט,

מיט דער וואַרעמסטער ראָמאַנטיק,
מיט דער בלומען=שפּראַך פון ליבשאַפט,
מיט דער הייסער צוגעטאָנקייט.
נישט קיין בריוו איז דאָס געווען
נאָר אַ האַרציקע פּאָעמע
פון אַ דיכטער, וואָס פאַרחלשט,
און פאַרשמאַכט ליגט ער, צאַפּלט
ביי די פיס פון זיין געליבטע...
און דערצו האָט ער באַשריבן
אַלע זעונגען און טאַטן
פון זיין וואָגלונגס=וועג דעם לאַנגן.
ברייטלעך האָט ער אָפּגעשילדערט
די דריי טעג פון גרויס סכנה
פון זיין ים=רייזע די שווערע
פאַר זיין אָנקומען צו קייפּטאָון:
שוואַרצע נעפּל אויפן הימל,
רוישעדיקע בייזע כוואַליעס
ווי די בערג די הויכע ווייסע,
איבער וועלכע ס'האָט דאָס שיף זיך
אַלץ געוויגט, געדרייט, געבויגן
ווי אַ קליינער גרינגער מולטער,
הויך און לייכט זיך אויפגעהויבן
נידעריק אַראָפּגעפאַלן...
אַלע פּאַסאַזשירן האָבן
אָנגעטאָן זיך רעטונגס=גאַרטלען,
און די רעטונגס=שיפלעך זענען
פאַרטיק אָנגעגרייט געשטאַנען...

— „זיי געזונט, מיין טרייע זעלמא!“ —
האָט ער אין דער שטיל געמורמלט —
אפשר איז עס טאַקע בעסער,
ס'זאָל זיך ענדיקן דאָס לעבן
אין די סאַמע ריינלעכקייטן
פון דער צאַרטער פיינער יוגנט,
ווען גאַנץ זויבער איז ס'געוויסן...
און דאָס האַרץ איז טריי און ערלעך,
אָנגעפילט מיט לויטער־קלאָרסטע
אומשולד־הייליקסטע געדאַנקען,
און מיט זוניק הייסער ליבע!“— — —

4

עטלעכע ליכט־פולע זומערס,
עטלעכע צאַרט־ווייסע ווינטערס
זענען, ווי אויף זיידענע פליגלען,
פאַרבייגעפלויגן פאַרביי זעלמאַן,
וועלכע האָט געזען זיך שוועבן
אין ראָמאַן־חלומות־וועלטן,
אויסגעוועבט פון פייער־שטראַלן,
וועלכע האַלטן פעסט פאַרייניקט
די צעשיידטע צוויי נשמות.
און געשטילט האָט זי איר בענקשאַפט,
און אַ טרייסט האָט זי געפונען
מיט איר לערנען פיל און פלייסיק,

און מיט טרוימקינדס אָפטע בריוולעך,
וועלכע זי האָט ביי זיך געהאַלטן
נאָענט צו איר האַרץ, אין בוזעם,
און דורך טעג און נעכט געלייענט.
יעדעס וואָרט פאַרהייליקט פשוט.

אָבער נאָכדעם אָנגעהויבן
זעלטענער די בריוו צו קומען,
און וואָס ווייטער אַ סך קירצער,
יעדעס בריוול דורכגעדרונגען
מיט אַן אומעט, מיט אַ צער
פון אַנטוישונג, פון חרטה,
פון אַ מוט אַזוי געפאַלן,
און פון שרעקלעך שווערער אַרבעט,
פון פאַרביטערטקייט און שנאה
צו באַדינגונגען פון סביבה,
וועלכע האַמעטנע פאַרגרעבט איז,
אָן אַ פונק פון אידעאַלן...

און די קליינע אָפגעהאַקטע
בריוועלעך האָבן אַנטהאַלטן
האַרץ-שניידיקע „איכה"-לידלעך,
וועגן איידלסטע געפילן,
וועלכע ווערן אויסגעלאָשן
און דערשטיקט גאָר אָן רחמנות
דורך אַכזריותדיקן לעבן...

* *
*

יאָרן צוועלף זענען פֿאַרלאָפֿן.
איבער זעלמאַן זענען שווערע
פֿיל פּאַסירונגען אַריבער,
אירע עלטערן די גוטע
האָט דער טויט אַוועקגערויבט שוין.
עלנט, איינזאַם אין איר וועלטל
שטראָמט איר לעבן אין דער שטילן,
אין אַ קינדער=שולישער ספערע,
ווו אַלס לערערין אַ טרייע
איז באַליבט זי ביי די קינדער,
פֿון דער ליבשאַפט ציט זי נחת
און בכבודיק לעבן.
נאָר וואָס איז דאָס גאַנצע לעבן
אָן איר טרוימקינד, איר ראָמאַן=פּרינץ?
וואָס איז איר די וועלט די גאַנצע
אָן איר ליבסטן, וועמען אַלע
כּוחות אָפּגעגעבן האָט זי?...

*

און זי האָט פעסט ביי זיך באַשלאָסן:
צו איר אַלערליבסטן קומען.
און זי איז אַהערגעקומען.
און געפֿונען האָט זי אים גאָר

אַ פאַרעלטערט=אויסגעקרענקטן,
שוואַך געוואָרן זיינע קלאָרע,
לוסטיקע און קלוגע אויגן,
רויטלעך און פאַרטיפט פאַרזונקען
אין דעם געלב=געוואָרענעם פנים,
וועלכעס האָט געקראָגן מאָדנע
ברייטע טונקל=ברוינע קנייטשן.
יע, פאַרענדערט, שטאַרק פאַרענדערט,
עפּעס גאָרנישט צו דערקענען.
ווו איז עס זיין גלייכער רוקן?
איינגעבויגן איז ער איצטער.
פון די שוואַרצע האָר געקרויזטע
זענען שפּורן נאָר געבליבן
ביי די קאָפּ=זייטן די הויכע,
כאָטש ער איז אַ יונגערמאַן נאָך,
פינף און דרייסיק יאָר אינגאַנצן,
ליגט אויף זיין פאַרזאָרגטן פּנים
עפּעס אַלטקייט, עפּעס פוילקייט,
גאָר אָן מוט, און אָפּגעלאָזן,
ווי פאַרמאַטערט, נישט דערשלאָפן,
נישט קיין שפּור, גאָרנישט קיין צייכן
פון ראָמאַנטישן „אַמאָל", וואָס
פול געווען מיט אידעאַלן,
פול מחשבות פייער=פלאַמיק
פון דער שטורעמדיקער יוגנט...

מיט די גרויסע פייכטע אויגן
האָט זי אים אַ צייט אַ לאַנגע
גוט באַטראַכט, שטודירט מיט שכל,
און עס האָט איר האַרץ באַוועגט זיך,
און פאַרגאַנגען פון יסורים.
און געזוכט, געפאָרשט האָט זי אַלץ:
ווו איז עס אַהינגעקומען
אָט זיין גייסטרייכקייט, זיין קלאָרקייט?
ווי אַזוי האָט ער געקענט עס
שלום מאַכן מיטן לעבן,
אָנצונעמען אָט דעם דרך
פון אַ קרעמערל אַ קליינעם,
אָפּצוגעבן זיך אינגאַנצן
מיט דער שאַכער=מאַכער=סביבה,
נישט צו קעמפן מיט ענערגיע,
זיך אַרויסצורייסן מוטיק
פון דעם קרעמערישן זומפּל,
וועלכע האָט זיין יוגנט=פרישקייט,
זאַפטיקייט פון הערלעכקייטן
אויסגעטריקנט, אים פאַרעלטערט,
און אויף אים אַרויפגעוואָרפן
טריבע קאַלטלעכקייט, אַפּאַטיע...
ווי עס קרענקט איר אָנצוקוקן,
ווען ער קומט אַהיים פון „שאָפּקע"

אָנגעהאָרעוועט, פאַרמאַטערט,
איינגעשמוצט פון מעל און איילן,
זעצט זיך, שווייגנדיק, צום טישל,
און באַווייזט קוים אָפּצוועסן,
פאַלט ער שטילערהייט אַנידער
אויף אַ שטול און ווערט אַנטשלאָפן,
ווי דער שלאָף וואָלט אַלץ פאַרענדיקט,
אַלץ וואָס האָט נאָך עקזיסטירט ווען
גאַנץ פאַרניכטעט שוין אויף אייביק...

...און עס איז איר גוט געלונגען
צו דערגיין צום גרונט פון ענין.
אַלץ וואָס איז געווען פאַרבאָרגן,
איז איר אויפגעקלערט געוואָרן.

אין אַ פיינעם פרייען זונטיק
זענען זיי אַרויס שפּאַצירן,
אויפן געלבן וועג דעם ברייטן
זענען זיי גאַנץ ווייט געגאַנגען,
און זי האָט געמאַכט אים רעדן
מיט איר קלוגן בליק דעם טיפן,
מיט די טרערן אין די אויגן,
מיט איר מילדער ווייכער שטימע,
וועלכע האָט צוגלייך געקלונגען
אי בקשהדיק, פול יאָמער,
אי שטרענג-שטראָפנדיק מיט האַרטקייט...
ס'האָט זיך אים דאָס מויל געעפנט —

און ער רעדט, דערציילט אָן אויפהער
מיט אַ ציטערדיקער שטימע,
מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן...

5

...ס׳לעבן זיינס פּאַר אַלע יאָרן
פון זיין אָנקומען אַהערצו
איז געווען שווער און ביטער.
וואָס ער האָט זיך אויסגעליטן,
קענען ווערטער גאָרנישט מאָלן!
ס׳הייבט זיך אָן זיין פּיין און ליידן
ביי זיין באַלעבאָס לומפּאָווסקי.

אומגעפער אַ פינף און פופציק
איז דעם מאַקס לומפּאָווסקיס עלטער:
אַ ברייטביינערדיקער נפש,
גאַווהדיק זיין קאָפּ געהויבן,
מיט אַן אָנגעבייזטע מינע,
מיט אַ פּוריע פעסט און זיכער,
אָט אַזוי ווי ס׳וואָלט די גאַנצע
גרויסע וועלט אים אָנגעהערן.
קוקט מיט אויסגעגלאָצטע גראָע
אויגן, ווי פון גלאָז געמאַכטע,
רעדט מיט האַרטער גראָבער שטימע.
שווערע אויסגעשטעלטע ליפּן
הענגען האַמעטנע אַרונטער,

יאָגנדיק זיך צו דערגרייכן
ביז זיין פעטער גראָבער מאָרדע.
נאָר אינגאַנצן אומגעלומפּערט
איז זיין לאַנגער נאָז דער גראָבער,
וועלכער איז די גוטע סיבּה
פון זיין ווערן אָנגערופן:
„מיסטער נאָז". און אַלע ווייסן:
גלענצנדיקע געשעפטן טוט ער.
וויצלט מען זיך אינם שטעטל:
—„ס'איז קיין וווּנדער נישט אַוודאי,
וואָס ער טוט אַזויפיל „ביזנעס"—
ווייל זיין נאָז איז אַ געזונטער,
אַקערט ער דערמיט כּסדר,
און ער קאָן דאָך לייכט דערשמעקן
גוטע קונדן, גוטע ביזנעס!...
און דערפאַר פאַרשאַפט אים צער
אָט דער ריזן־גליד אין פּנים,
וועלכער איז אַ גרונט גענוג אויף
אָפּשפּאָטונג, קאַטאָוויס טרייבן,
און אויך ווילע נאָר דורכדעם גאָר
קאָן מען אים אַלס ייִד דערקענען...

איבער דרייסיק יאָר אין לאַנד שוין,
אַפריקאַניזירט געוואָרן,
האָט אַפילו נישט קיין סימן
פון אַ ייִדיש אויסזען עפּעס,
רעדט אַן עכט פאַרגרעבטן „האָלאַנדס",

פירט זיך מעשה „בור“ אינגאַנצן.
מיט די יידן פונם שטעטל
האָט ער אַלץ געהאַט סכסוכים,
האַסט ער גיפטיק זיי, פאַרשוואַרצט זיי
פאַר די גוייִשע חברים,
וואָס פאַר בוזעם־פריינט זיי האַלט ער,
שילט מיט קללות, און ער זאָגט אָפט:
—„כ׳זאָג, אייך, אָפן, כאָטש די יידן
זענען מיינע אייגענע ברידער,
אָבער ס׳קומט זיי, וואָס מען שלאָגט זיי,
אײַן מען מאַכט אויף זיי פּאָגראָמען!“———
נאָר דאָס שטערט אים נישט צו קומען
אָפט אין מאַנכע יידישע הייזער
אום אַ „פויקער“ דאָרט צו שפּילן,
און צו זיך אין הויז צו לאַדן
גוטע יידישע קאָרטן־שפּילער,
און, פאַרטיפט אין שפּיל, פאַרגעסט ער
אי זיין שנאה, אי נקמה,
און משונה־פריילעך שרייט ער:
—„גיב אונז עפּעס, בעלאַ, גיכער,
גיב צום טיש אונז עסן, טרינקען!“
און דאָס בלאָנדע מיידל בעלאַ
גלייך דערלאַנגט דאָרט וויין און בראָנפן,
קוכן און פיל סאָרטן פרוכטן.

*

בעלאַ איז זיין עלטסטע טאָכטער
פון זיין ווייב, די גויע מאַרטאַ.
פערצן יאָר האָט ער מיט מאַרטאַן
אָפּגעלעבט זיך גוט, צופרידן.
האָלט געהאַט האָט ער זי זייער,
די געזונטע גרויסע גויע
מיט דעם רונדן ווייסן פּנים
מיט דעם חוצפּהדיקן נעזל,
ברייטלעך און אַרויף פאַריסן.
אַ שיינעם זון און אויך צוויי טעכטער
האָבן זיי געהאַט, און ס׳האָט זיך
אים געדאַכט, אַז טריי איז מאַרטאַ.
אָבער זי האָט האָלט געהאַט נאָר
ס׳רייכטום זיינס און זיין לוקסוס,
וואָס ער האָט איר אַלץ געגעבן
און ס׳באַקוועמע הויז דאָס גרויסע.
און דערוווּסט האָט ער זיך ענדלעך,
אַז זיין בוכהאַלטער טאָם דזשעפרי
איז אינטים מיט איר געוועזן,
זי ׳ט זיך דזשעפרין איבערגעגעבן.
ווען לומפּאָווסקי האָט מיט כעס
שטאַרק געשריען, זי געזידלט
פאַר איר פאַלשקייט, אומפאַרשעמטקייט,
האָט זי פריי און קורץ געענטפערט:

„ייִד, דו בלוטיקער, נישט קאָך זיך,
כ'גיי אַוועק פון דיר צו דזשעפּרין!"
און זי האָט טאַקע געטאָן עס,
מיטגענומען אויך די קינדער.
נאָר די דרייצניאָריקע בעלאַ —
ס'הייסט די עלטסטע טאָכטער זייערע,
האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז דווקא
וויל זי מיטן פאָטער בלייבן,
ווייל ער איז איר ליב ווי ס'לעבן,
און זי וועט אים נישט פאַרלאָזן.



אין דער „שאָפּ" דער קאָלאָסאַלער
כּונם מיסטער מאַקס לומפּאָווסקי
אַרבעט טרוימקינד. צוגעבונדן
האָט דער האַרטער באַלעבאָס אים
מיט געזעצלעך־פעסטע תּנאָים,
אים אַ לאַנגע צייט צו דינען.
—„אַנדערש לוינט מיר נישט דער עסק"—
זאָגט לומפּאָווסקי, קרימענדיק זיך —
„ווייל די ערשטע יאָרן ביסטו
נאָך אַ גרינע, רויע חיה,
שטום, אָן שפּראַך און אָן מאַנירן,
איינגעוווינט מיט זאַמוט־זיטן,
וועלכע זענען מיר דערווידער
מיט דער עקלהאַפטער ווילדקייט...

איך מוז לערנען דיך נאָך „ביזנעס“,
דאַרפסט דאָך ערשט נאָך פּאָקן, מאָזלען,
ביז דו וועסט פאַרשטאַנד געווינען,
ווי מען דאַרף אַ בּור באַגעגנען,
ווי מען דאַרף אים העפלעך גריסן,
און דאָס מויל אַזוי צו עפענען,
אַז עס זאָל דעם בּור געפעלן,
דאַרפסט זיך לערנען ווי צו פּאַקן
אין די פּאָליצעס די סחורות,
און אויך ווי דאָס צו דערלאַנגען,
און צו ווייזן דאָס די קונדן,
בריהדיק, געשיקט און קונציק.
און דערנאָכדעם, אַז איך האָב דיך
אַלס אַ רעכטן מענטש געמאַכט שוין,
און געבּראַכט דיך אויף אַ דרך,
האָסט געכאַפּט דעם שניט פון מיינע
גיינג אין דער קאָמערץ-הצלחה,
קאָן דאָך טרעפן גיסט אַ בּריקע גאָר
אין דער דאָנעטשע, און גייסט דאַן
אפשר אַרבּעטן בּיי נייע
בּאַלעבּאַטים. יע, דעריבּער
בּינד איך דיך אויף יאָרן לאַנגע,
כ'זאָל נאָך עפּעס כאָטש געניסן
פון דיין אַרבּעט אַלס אַן עכטער
אויסגעלערנטער געשעפטס-מאַן.“ — — —
אָנגענומען אַלע תנאים,
האָט בּאַלד טרוימקינד זיך איינגאַנצן

אין געשעפט אַריינגעוואָרפן.
זיין קאָמערצישע התחלה
איז באַשטאַנען אין די שווערסטע,
האַרטע, גראָבע, שוואַרצע אַרבעט,
וואָס ער האָט דערפון אין לעבן
קיינמאָל נישט געהאַט אַן אַנונג:
רייניקן דעם שטויב דעם דיקן,
און דעם שמוץ פון אונטער טאָמביינק,
וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן
דאָרטן דורך אַ צענדליק יאָרן;
הויבן שווערע קאַסטנס סחורה,
און צו פאַקן וואָל און פעלן
אין דעם שטיקנדיקן „פעל־סטאָר",
שלינגענדיק דעם ווערגעדיקן
עיפּוש־ריח פון די אַלטע,
האַלב־פאַרפוילטע שלעכטע פעלן.
איצט ערשט הויבט־אָן טרוימקינד ריכטיק
צו פאַרשטיין די שווערע לאַגע
פון אַן עכטן פראָלעטאַריער,
וועלכער האַרט עקספּלאָאַטירט ווערט
דורך קאַפּיטאַליסטן גראָבע.

איינגעחושכט, אויסגעמאַטערט,
ציט ער זייער שווער דעם אָטעם,
אָנשפּאַרנדיק צו דער וואַנט זיך,
מיטן רוקן אָנגעווייטיקט,
ווישנדיק דעם שווייס פון שטערן

אַרונטערשלינגענדיק די טרערן — — —
דאָך, ער טרייסט זיך: אָט די שווערקייט
איז נאָר איצט אין אָנהויב, אָבער
שפּעטער־צו וועט ווערן בעסער.
— „איך וועל טראָגן, איך וועל ליידן,
מיט געדולד וועל איך נאָך וואַרטן,
ביז איך וועל זיך נאָר דערווערבן
אַלע נויטיקע ידיעות
און דערפאַרזונגען אין „ביזנעס”...
„ביזנעס”! ווי דאָס וואָרט אים עקלט!
אָ, ווי שטאַרק ער האַסט דעם האַנדל!
ס'האַווען און דאָס נאָכיאָגן זיך
נאָך די פּוסטע ספּעקולאַציעס,
ס'איבערגעבן זיך מיט זינען
צו דער וואָג און מאָס־פאַרקנעכטונג,
וועלכע עס מאַכן ס'גאַנצע לעבן
הבלדיק און נאַריש קליינלעך,
די געפּעלשטע העפלעכקייטן,
און די חניפות צו די קונדן,
ס'צוטרויע נאָר צו געווינען,
אום מצליח זיין אין עסק,
ס'זאָל דער ריוח זיין וואָס גרעסער,
ס'זאָל זיך מערן דאָס פאַרמעגן! — — —
אַלעמאָל האָט ער געהאַסט עס,
און פאַראַכט מיטן גאַנצן האַרצן.
אָבער קען ער זיך דען העלפן?
ס'שטויסן אים די שטאַרקע שטראָמען

פון די לעבנס=ווירקלעכקייטן
אינם קעסל=גרוב פון „ביזנעס“,
זיך נישט רעכנדיק מיט עפּעס
אַ געפיל, נשמה=פיינקייט.
עס באַשטייט די גאַנצע וועלט דאָך
אויפן קויפן און פאַרקויפן.
און פאַרזוכן איבערמאַכן
ס׳גאַנג פון לעבן, הייסט עס: שווימען
אין געראַנגל קעגן ים=שטראָם...

## 6

לאַנג און ווייט פאַרקוקט זיך טרוימקינד,
און בלייבט שטיין פאַרטראַכט, פאַרחלומט.
ער דערמאָנט זיך די לעגענדע,
וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט
וועגן ליבן גאָט אַפּאָלאָ:

*

פון דער גריכישער שטאָט קניסאַ
האָט אַ זעגל=שיף פון האַנדל,
אָנגעלאָדן מיט פיל סחורה,
און מיט רייכע קרעטער סוחרים
זיך אַוועקגעלאָזן שווימען
צו דער האַנדל פּראַכט=שטאָט פּיילוס.

ווי אַ גרויסער, ווייסער פויגל
מיט צעשפּרייטע, צאַרטע פליגלען,
זעט דאָס שיף דאָרט אויפן ים אויס,
ווענס העל גרינלעכע וואַלן
שטיפן, שפּילן זיך און קושן
לוסטיק ס׳זעגל-שיף דאָס שטאָלצע.
פלוצלונג הערט זיך אינדערלופטן
הימלישע מוזיק פון לירע,
עס צעגייט דאָס האַרץ פון זיסקייט,
פונם געטלעך-ליבלעך שפּילן!
ס׳ווערן דאַן אַנטציקט די סוחרים,
עפענען פאַנאַנדער אויגן,
ווערן באַלד דערשטוינט, פאַרוווּנדערט.
דערזעענדיק דעם גאָט אַפּאָלאָ,
מיט אַ ריין-גאָלדענער לירע
פון דער הויך אַראָפּפליענדיק
אויפן דעק פון זעגל-שיף דאָרט — — —
ס׳פאַלן אויף די קני די סוחרים,
לויבנדיק דעם גאָט פון שירה,
גאָט פון אייביק-ליבער זון-ליכט.
מיט אַ געטלעך הערשונג-גראַנדע
זאָגט אַפּאָלאָ צו די סוחרים:
„איך באַפעל: איר זאָלט באַלד ווערן
מיינע פּריסטער און נביאים!
ס׳איז אַזוי מיין געטלעך ווילן״...
— „מעכטיקער אַפּאָלאָ!״ — טענהן
די דערשטוינטע קרעטער סוחרים —

„זענען מיר דען ווערט די זכיה
דיינע פּריסטער גאָר צו ווערן,
דיינע הייליקע נביאים —
זייענדיק נאָר האַנדלס־מענטשן?״ — — —
ענטפערט זיי אַפּאָלאָ ליבלעך:
— „ווען ס׳קלינגט אַריין אין אויער
לירע־קלאַנגען פון אַפּאָלאָ,
ווען ס׳דרינגט אַריין אין אויג נאָר
ס׳געטלעך ליכט פון הימל־ריינקייט,
דער ווערט באַלד פון מיר באַגנעדיקט,
מיט מיין פולער האַנט באַשאָנקען
מיט נשמה־צערטלעכקייטן,
מיט אַ גייסטיקער דערהויבונג —
מעג ער זיין זיך גאָר אַ הענדלער,
מעג ער זיין אַ וואָג־ און מאָס־מענטש,
קויפן און פאַרקויפן סחורה,
קען דאָס אים נישט שאַטן, שטערן
צו באַהעפטן זיך צום ליכט־גאָט,
צו זיין נאָענט צו אַפּאָלאָ,
און צו זיין זיין פּריסט און נביא!״ — — —
און ס׳צעקלינגט זיך באַלד די לירע
דורך אַפּאָלאָס געטלעך שפּילן,
און אונטער די זיסע טענער
פירט ער דאַן דאָס שיף צו קריטא,
ס׳הייסט: זיין שיינער האַפן דעלפי,
פול מיט אייביק שיינער זון־ליכט,
און עס בלייבן יענע סוחרים

דאָרטן אַלס אַפּאָלאָס טרייע
גוטע פּריסטער און נביאים — — —

*

אָבער פון דער לעגענדאַרער,
שיינער סביבה פון אַפּאָלאָ,
וועלכע האָט סעם טרוימקינדן דאַן,
ווי פאַרוויקלט אין אַ נעפּל
פון חלומות און מחשבות,
ווערט ער אויפגעוואַכט איצט פּלוצלונג
פון לומפּאָווסקיס גראָבער שטימע :
— „גרינע חיה! פון אַזעלכער
גרינגער אַרבעט, שטיין און טראַכטן
קען מען גאָר צו=ווייט נישט קומען,
און פאַר דאָס קען איך נישט צאָלן.
פאַנטאַזירן קענסטו דאָרטן,
ס'הייסט ביי אייך אין רוסלאַנד, אָבער
דאָ, אין אַפריקע, איז אַנדערש,
מען מוז אַרבעטן, פאַרשטייסטו ?"

*

פיינט געהאַט האָט ער לומפּאָווסקין
פאַר זיין גראָבקייט און די קולות
און באַליידיקונגען שווערע,
און ער איז אַליין פאַרוונדערט,

ווי איז ער דאָס אויסגעשטאַנען,
ווי האָט ער דאָס אַלץ פאַרשוויגן —
זיין מבזה־זיין אים מיאוס
אין דער קעגנוואַרט פון גויִם,
שרייענדיק צעיושעט ווילד:
— „ביסט אַ נאַריש גרינער יידל,
הערסטו, האָסט ביי מיר אַ צורה,
ווי אַ באָבעיאַן*) אַן עכטער!

*

ס'האָט פּאַסירט אַ פאַל, געדענקט ער,
אין די ערשטע טעג פון אַרבעט
איז אין שאָפּ אַריינגעקומען
אַ פאַמיליע „קאָזאַ"־קאַפּירס**).
גרויס און שוואַרץ ווי קויל דער קאַפּיר,
דיקע, רויטע, ברייטע ליפּן,
צאַרט־ווייסע געזונטע ציינער,
ברענעדיקע שוואַרצע אויגן,
בלאַנקעדיקע אויגן־ווייסל,
אויף די פּלייצעס הענגט אַ קאָלדרע,
רויט, מיט ברייטע, שוואַרצע פּאַסן,
אויפן קאָפּ אַ האָז־פעל־שטריימל,
לאַנגע אוירינגלעך פון קופּער
אין די אויערן די גרויסע,

*) באָבעיאַן — אַ מאַלפּע.
**) „קאָזאַ" — אַזאַ שבט.

אויף די נאַק׳טע פּיס די גראָבע
שווערע מעש־רינגען באַהאָנגען.
געלע, בלעכ׳נע אָרעם־בענדער
אויף די דיקע מוסקול־אָרעמס.
און צוויי שוואַרצע ווייבער זיינע
אָפּגעפאַרבן באַקן, שטערן,
מיט אַ פאַרב געמאַכט פון ציגל.
האַלב באַדעקט איז זייער קערפּער
מיט אַ דיקלעכער פאַטשיילע,
פון די, וועלכע ס׳הענגט אַרונטער
פרענז, וואָס גרייכן ביז די נאַק׳טע
פיס מיט פאַטשערקעס באַהאָנגען,
און מיט מאַסן אַלע סאָרטן,
קרעלן אַלערליי קאָלירן.
בייגעריק קוקט אָן זיי טרוימקינד,
שטרעקט זיין האַנט אויס צו דעם קאַפּיר,
וועלכער דריקט עס פריינטלעך, פריילעך,
שעמעוודיק, מיט וואַרעמען שמייכל:
„מלונגע, מלונגע״*)! און „שאַפּילע״**).

אויפגערעגט שפּרינגט צו לומפּאָווסקי,
ווי אַ שלאַנג וואָלט אים געביסן,
גיט אַ שלעפּ אַוועק מיט כּוח
טרוימקינדן און זאָגט: „וואָס טוסטו?

*) „מלונגע״ — באַלעבאָס.
**) „שאַפּילע״ — ווי גייט עס?

ביסטו דעם אַראָפּ פון זינען,
אַז דו גיסט דיין האַנט אַ קאַפיר?“— — —
אין בזיון בלייבט דער קאַפיר.
אַ צעטומלטער שטייט טרוימקינד,
און ער זאָגט דערשטוינט־פאַרלעגן:
— „איז אַ קאַפיר דען קיין מענטש נישט?
ווייל זיין הויט איז שוואַרץ, דעריבער
טאָר מען אים די האַנט נישט געבן?
עוולהדיק איז דאָס און נאַריש!...
אָט אַזוי ווי מען וואָלט זאָגן,
אַז אַ מענטש מיט בלאָע אויגן
מעג מען גריסן, מעג מען ליבן,
און באַטראַכטן אים אַלס ברודער;
נאָר אַ מענטש מיט שוואַרצע אויגן
איז אַן אויסוואורף פון געזעלשאַפט,
מ׳טאָר אים גאָר די האַנט נישט געבן!“ — — —

— „ווער אַנטשוויגן! כ׳וויל נישט הערן
דיינע חכמות, וועלכע פּאַסן
נאָר פאַר רוסלאַנד“! — שרייט לומפּאָווסקי —
„דיינע נאַרישע דבורים
וועלן דאָ קיינמאָל נישט גילטן...
און מען קען באַגיין זיך, כ׳לעבן,
אָן דיין קלוגער מוסר־דרשה;
און מיר, ווייסע אַפריקאַנער,
גוט פאַרשטייען אונזער „ביזנעס“,
ווי צו האַנדלען מיט די שוואַרצע — — — —

טאָ פאַרקוועטש די ליפּן, גרינער,
פלאָפּלע נישט און טו דיין אַרבעט!"...

* *
*

צוגעשלאָסן האָט ער טאַקע
זיינע ליפּן און פאַרשוויגן,
פון דאַן אָן, אַזוי אויך שפּעטער,
כאָטש געשריען האָט זיין האַרץ אים
מיט געוואַלדיק הויכע קולות
פון יסורים, שאַנד און קריוודעס,
וואָס אויף אים מיט פולע מאָסן
אויסגעשאָטן האָט לומפּאָווסקי,
וועלכער איז צו־נידעריק דאָך,
אום אַנטקעגן אים צו קומען
מיט רעבעלישער באַהויפּטונג,
מיט וויכּוחים שכלדיקע
אָדער קאַמף און צאַנקערייען.
ס'האָט דער סאָציאַלער דענקער,
רעוואָלוציאָנער און קעמפער
פאָרגעשטעלט זיך אין זיין דמיון:
אַז ער איז פאַרשיקט געוואָרן
קיין סיביר אויף שוואַרצער אַרבעט,
אָנגעטריבן דורך אַ גראָבן,
נידערטרעכטיקן קאָזאַק דאָ
מיטן כוליגאַנישן פּנים

פון זיין באַלעבאָס לומפּאָווסקי,
און ער האָט געטראָגן מוטיק
אָט זיין „קאַטאָרגע״, „סיביר=שטראָף״,
זיין עבודת=פּרך, ליידן,
וועלכע ביסלעכווייז זיי האָבן
פון זיין האַרץ אַרויסגעטריבן
לוסטיקייט, און פרייד, און האָפנונג
אויף אַ לעבן צוגעפּאַסט אים,
צו געפילן, אידעאַלן,
וועלכע האָבן גאָרנישט לאַנג נאָך
אים באַהערשט און צוגעבונדן
צום סימבאָל פון גליק און נחת,
פון דער זונליכטיקער ליבע —
אין דער פאָרם פון זיין זעלמאַן,
וועלכע, צו זיין גרויסן צער,
איז פון אים שוין אָפּגעריסן,
אָן אַ פּינטעלע פון גלויבן,
אָן אַ וועלכע מעגלעכקייט שוין
גאָר אַ טראַכט צו טון אַפילו
וועגן זען זיך מיט זיין ליבסטער,
וועלכע איז אים אין געפלאָגטן
האַרצן איצטער נאָך געבליבן,
ווי אַ הייליקע לעגענדע,
ווי אַ זיסער ווונדער=חלום,
וועלכער וועט אַ חלום בלייבן,
קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן — — —
און די ביטערע רעיונות —

האָבן אים באַטריבט, פאַראומערט,
אָפּגעטון פון זיינע ליפּן
אַפילו ס'קלענסטע, לייכטע שמייכל...

ז

מיט אַ מאָדנער ווייכקייט, גוטסקייט,
קוקט אים אָן די שיינע בעלאַ,
ס'יונגע טעכטערל לומפּאָווסקיס,
ווען ער קומט פון „שאָפּ" אַהיים אָן,
שטיל, באַטריבט און אויסגעמאַטערט,
ווען ער זוכט גאָר אויסצומיידן
אירע ליכטיקע און וואַרעמע,
קלאָרע, מילדע, בלאָע אויגן,
וועלכע, ס'דוכט זיך אויס, אַנטהאַלטן
אַזאַ זעלטענעם רחמנות
אויף זיין ליידן, אויף זיין עלנט.

ניין! ער וויל נישט קיין רחמנות,
ניין, ער דאַרף נישט מיטלייד=בליקן,
פונם האַרטן לעבן איז ער
שטאַרק פאַרהאַרטעוועט געוואָרן,
אַלע בייזקייטן צו טראָגן,
אויסצושטיין אַלע אַכזריות.
ס'עקלען אים רחמנות=מינעס...
גייט ער גלייך זיך אין זיין צימער —

וועלכער איז פאַר אים געגעבן
אין לומפּאָווסקיס הויז — און וואַרפט זיך
אויף זיין שמאָלן בעט אַרויפעט,
און פאַרטראַכט זיך וועגן ס׳לעבן,
אין דער איינזאַמקייט, אין וואָגלונג...
— — — קלאַפּט אין טיר די שיינע בעלאַ,
און עס קלינגט איר זיסע שטימע:
— „טרוימקינד, כ׳וויל מיט דיר וואָס רעדן
עפּעס וויכטיקס, עפּעס נויטיקס!״
עפנט ער די טיר פון צימער,
און די בלאָ־אויגיקע בעלאַ
שוועבט אַריין, לייכט־טענצלענדיק דאַן
אין זיין צימער, לאָזט זיך פלינק דאָרט
אויף אַ ווייכער שטול אַרונטער,
און צעלאַכט זיך פריי און פריילעך...
ס׳בלאָזט אַ ווינטל דורכן פענסטער
אויף די פלאַקס־האָר, די געדיכטע,
וואָס צעשפּילט זיך אויף די רונדע
אויערן, די מאַרמאָר־צאַרטע,
נעמט ביי דער האַנט אים ליבלעך, היימלעך:
— „נאָכגעקוקט האָב איך דיך לאַנג שוין,
און איך פיל, דו ווייסט געווי עס,
אַז עס זוכן מיינע אויגן
אָנצוטרעפן דיינע בליקן,
וועלכע דו קערסט אָפּ אומישנע,
מיידסט מיך אויס נישט אָנצוקוקן,
ווי איך וואָלט געווען אַ שונא,

ווי כ'וואָלט זיין אַ גייסט אַ בייזער...
זאָלסט מיר גלויבן, ס'ווינט מיין האַרץ מיר,
וואָס דו ווייכסט פון מיר מיט קאַלטקייט,
וואָס דו ביסט פאַרזאָרגט, פאַרטרויערט,
און דו האָסט קיין פרייען מוט נישט,
ביסט פאַרצוקט און בייז פאַרכמורעט,
ווי אַ רוגזהדיקער זקן.
ביסט דאָך יונג אַזוי נאָך, טרוימקינד.
דאַרפסט דאָך הוליענען און שפּרינגען,
לוסטיק שטיפן, טאַנצן, זינגען,
ווי עס טוען אַלע יונגע.
פרייע מענטשן, פול מיט לעבן.
אויך אַפילו די, וואָס זענען
פון דער טאָג'שער האָרעוואַניע
איינגעבויגן און פאַרצרהט,
אָבער אינדערהיים פאַרגעסן
זיי די ביטערניש און קריוודעס,
און זיי כאַפּן זיך מיט חשק
איינצונעמען, צו געניסן
דאָס פאַרגעניגן, וואָס עס קומט זיי,
פונם יונגן, זיסן לעבן...
ביסטו פון דיין לאַנד געוווינט דען
מיט אכזריות צו דערשטיקן
אַלע יוגנטס-לוסטיקייטן ?
פאָלג מיך, טרוימקינד, נעם, באַמי זיך
צו פאַרבערענען אַלע בריקן
הינטער זיך... און פּאַס זיך צו באַלד

צו דיין נייער לאַנדס באַנעמונג,
און צו אַלע פרייע זיטן,
און דו ׳סט האָבן גרויס הנאה.
איך אַליין האָב אויך פיל צרות,
וועלכע דריקן מיין נשמה,
איך בין אויך אַ סך געעוולהט
פונם לעבן, מעגסט מיר גלויבן,
איך לייד אויך פון איינזאַמקייטן,
און עס נאָגט מיר טריבער עלנט,
כ׳האָב קיין אמת=טרייע פריינט נישט.
פאַר די גויים בין איך יידיש,
און די יידן מיך באַטראַכטן
אַלס אַ פרעמדע, אַלס אַ שיקסע.
און איך גאַר אַזוי נאָך פריינטשאַפט,
און איך וויל אַזוי זיין פריילעך,
און עס קלאַפט מיין האַרץ מיט לוסטן,
מיט אַ גרויס באַגער צום לעבן...
זיי דו מיר אַ גוטער חבר,
וועסט מיך בעסער נאָר דערקענען,
וועסט אין מיר אַ פריינט געפינען,
און אַ טרייסט אין דיין באַטריבטקייט!״———



וויַ אַ זון=שטראַל מעכטיק, ליכטיק
שטראָמט און רייסט זיך פריי אַריין

אין אַ זייער פינסטער קאַמער,
אַזוי האָט זיך די שיינע בעלאַ
אַריינגעריסן אין זיין לעבן.

לאַנג האָט אים באַהערשט אַ פחד,
וועלכער האָט אים אָפּגעהאַלטן
פון זיך צו דערנעענטערן
צו דער פיינער בלום דער יונגער,
פריש און דופטיק, ליבלעך, רייציק...
ענדלעך אָבער האָט ער זיך גאָר
שוואַך געפילט אונטער דעם איינדרוק
פון איר צוגעטאָנקייט, גוטסקייט,
און די מילדע אויסערונגען,
און ער האָט דאַן אָנגענומען
אירע פריינטשאַפט־אָנבאָטונגען,
און עס איז געווען אַ טרייסט אים
אין זיין שווערן ביטערן לעבן
אירע בליקן און איר שמייכל,
אירע פריילעכע מאַנירן,
שטיפערייען, טאַנצן, זינגען
און איר שפילן אויף דער פּיאַנע,
אויך איר מיען זיך, פאַרזוכן
אים צו מאַכן מונטער, לוסטיק...
פלייסיק לערנט זי אים ענגליש.
זיצןביידע איבער ביכער
אָפט ביז האַלבער נאַכט, און ס׳טרעפט אויך,
ס׳נעמען שוין די הענער קרייען,

דאַן דערמאָנען זיי זיך ביידע,
אַז ס׳איז צייט אַ דרעמעל כאַפּן,
הויבן ביידע זיך אויף האַסטיק,
יעדער איילט צו זיך אין צימער,
אָבער קומענדיק ביים טיר דאָרט
פאַלן זיי זיך אויף די העלזער,
און ס׳באַהעפטן זיך די ליפּן,
קושן זיך אַ לאַנגע צייט נאָך,
און די לאַכעדיקע בעלאַ
מורמלט שטיל צו אים: „אָ, טרוימקינד,
קוש אַזוי ווי עס זאָגט שעקספּיר:
„איין קוש אַזוי לאַנג ווי צוואַנציק,
צוואַנציק אַזוי קורץ ווי איינער!...“

*

זי האָט אים געלערנט טאַנצן,
און ער האָט צו דעם גרויס חשק,
טאַנצט ער, דאַן פאַרגעסט ער אומעט,
דאַן פאַרשווונדן אַלע זאָרגן,
און עס דוכט זיך אים בעת־מעשה,
אַז זיין ציל דער איינציקער גאָר
ליגט נאָר אין דעם טאַנצן גופא...

ווען ערשטן „באַל“ אַלץ טראַכט ער,
און דער קאָפּ נעמט אים זיך דרייען
פון אָט יענער נאַכט־פּאַסירונג,

װעלכע איז אים שױן געבליבן
אײנגעקריצט אין האַרץ און מוח
צו געדענקען עס אױף אײביק...

8

בעלאַס פרײנדין, העטי העראָלד,
האָט געפײערט איר געבורטסטאָג,
און אַ טאַנץ־אָװנט געמאַכט דאַן,
יינגלעך, מײדלעך אײנגעלאַדן
צו דער שמחה, אױך גערופן
בעלאַן, טרױמקינדן צוזאַמען.

*

בײ דעם סאַמען ענד פון שטעטל
אין אַ ברײטן קורצן געסל
שטײט אַן אַלטער שטײנער־פּאַרקן,
איבער װעלכן ס׳קוקן דרױסן
חשובדיקע, פיל באַצװײגטע,
ברײטע בלעטערדיקע בײמער,
שװער באַלאָדענע מיט פײגן,
און אױך װײנטרױב־בײמער אַלטע,
מיט די דיקע קרומע צװײגן,
אױסגעדרײט און אָנגעבױגן
רױטע װײנטרױבן באַהאַנגען,

און אַ קוסט טערקישע פייגן
ווי אַרויפגעוואַקסן אויפן
אַלט=באַגראָזטן גראָען פּאַרקן.
און אין מיטן גאָרטן ס׳הויז איז
יום=טובדיק אַזוי באַלויכטן.
אויפן גאַניק העטיס פֿאָטער,
גוטמוטיקער פּיטער העראָלד,
וואַרט דאָרט רויִק אויפצונעמען
זיין געליבטע טאָכטערס אורחים.
און אין הויז זעט זיך די מוטער,
אָנגעטאָן די בעסטע קליידער,
און פֿאַרהאַוועט און באַשעפּטיקט
אָנצושטעלן אויף די טישן
קאָפּיס, טאַסן פֿאַר די קאַווע,
וואָס מ׳וועט טרינקען אָן אַ סוף באַלד,
און איר אויסגעבאַקענעם קוכן,
גרויס און ווייס באַפּוצט מיט קרענצלעך
מיט אַ סך סאָרטן קאָנפעקטן,
און אַריינגעשטעקט אין קוכן
זעגען איינאונצוואַנציק ליכטלעך,
נאָך די יאָרן פֿון איר העטי.
אַלע געסט שוין אָנגעקומען,
בורן=מיידלעך, בורן=ייִנגלעך,
אַלע גרויס און פֿיין געוואַקסן
ברייטע פּלייצעס און געזונטע,
אַלע חדווהדיק געשטימטע,
אַלע אָנגעטון אין ווייסן.

צווישן אָט די הויכע בורעס
זעט אויס טרוימקינד נישט דערוואַקסן...
מקרב איז אים העטי פריינטלעך,
שענקט אים ליבע. זיסע שמייכלען,
קוקט אויף אים און ווינקט צו בעלאַן,
און זי זאָגט איר מיט אַ שמייכל:
—„בעלאַ, האָסט אַ פיינעם חבר,
ס'ערשטע מאָל זע איך אייך ביידן
אויף אַ באַל אין דער געזעלשאַפט,
כ'פיל מיך גליקלעך, ליבע בעלאַ,
וואָס איר זייט געקומען ביידע,
כ'האָף, איר וועט זיך אַמוזירן!״———
העטי ווערט אַרומגערינגלט
פון די געסט, וואָס ווינטשן גליק איר,
יעדעס מיידל, יעדער בחור
קושט זי אויף די ליפּן פריינטלעך,
טרוימקינדן קומט אויס דאָס פריקרע,
בעלאַ הייסט אים, ער זאָל קושן
איר באַליבטע פריינדין, טוט ער'ס
קורץ און שוואַכלעך, גאָר אָן חשק.
ס'נעמט זי שטאַרק אַרום אַ בחור,
וועלכער איז דער שטאָטישער סטאָליער,
קושט אָן אויפהער, לאָזט נישט אָפּ זי,
לאַכן אַלע זיך פאַנאַנדער.
העטי צאַפּלט זיך און רייסט זיך
פון דעם סטאָלערס הענט אַרויסעט,
כאַפּט פון טיש אַ חלק קוכן

שטאָפּט אַריין דעם יאָלד אין מויל דאָס:
—„זאָל דיין אַפּעטיט־מויל בעסער
זיין באַשעפּטיקט מיטן קוכן!" — — —
לויפט איר נאָך אַן אַנדער הויכער,
דיקער בחור אומגעלומפּערט,
קלינגט איר שיין געלעכטער ליבלעך,
לאָזט זיך פלינק צו טרוימקינדן צו,
פאַלט אַריין אין זיינע אָרעמס:
—„מיסטער טרוימקינד, אָ, באַשיץ מיך!"
פּאַטשן מיט די הענט די געסט דאַן,
און עס הילכט אַ גרויס געלעכטער,
און דער סטאָלער שרייט אויס ווילדלעך
אויף אַ מיאוס גראָבער שטימע:
—„אוי, ווי קליין עס איז דיין שטיצער,
און ווי שוואַך דיין שוץ איז, העטי,
אַז אַ ייִד איז דיין באַשיצער!..."
ווערט געטאָפּלט דאָס געלעכטער.
נאָר עס הילכט באַלד העטיס שטימע:
—„אַן אַרטיקל, וואָס איז טייער
פּאַקט מען אין אַ קליינעם פּעקל,
און אַ שטיצע ליגט אין חכמה,
נישט אין הענט די גרויסע גראָבע!"— — —

אָפּגעוווּנטשן בעסטע ברכות,
האָט מען שוין דער שיינער העטין,
אָפּגעטרונקען שוין די קאַווע,
און כמעט שוין אויפגעגעסן

גאָר דעם גרויסן ווייסן קוכן.
אַ גיטאַר אין האַנט נעמט העטי,
און אַ האַרף האַלט דאָרט אַ מיידל,
און אַ דיק באַוואָנסטער בחור
נעמט אַ קליינע קאָנצערטינע,
און אַ מאָגערינקער שייגעץ
צו זיין מויל שטעלט צו אַ „פלייקע“*),
און זיי נעמען זיך האַרמאָניש
שפּילן פּאָלקעס און מאַזורקעס,
כאַפּן בחורים זיך מיידלעך,
און מען לאָזט אַוועק זיך טאַנצן,
טאַנצט מען לוסטיק, שטאַרק און פריילעך,
מיידלעך שוועבן לייכט ווי פייגלעך,
נאָר די בחורים די גרויסע
טאָפּטשענען אַזוי און קלאַפּן
מיט די פיס די לאַנגע שווערע
אויף דער האָלצערנער פּאָדלאָגע,
ברומען צו און פייפן, זינגען
עכטע אַפריקאַנער לידער:
———„בראָנפן, בראָנפן, לאָז מיך שטיין שוין,
לאָז מיך אָפּ, אַהיים צו גיין שוין.
בראָנפן, בראָנפן, לאָז מיך שטיין שוין,
לאָז מיך אָפּ אַהיים צו גיין שוין...“

...„נעם נאַר-אָפּ דיין טאַטע-מאַמען,
לאָמירביידע זיין צוזאַמען,

*) אַ מויל-האַרמאָניע.

מעגן טאַטע=מאַמע שטראָפֿן,
דאָך צוזאַמען לאָמיר שלאָפֿן"...

„בלאָנדע האָר און בלאָנדע אויגלעך
אַט דאָס מיידל וויל איך האָבן,
כ'וועל איר האָבן, כ'וועל איר קריגן,
כ'וועל זיך מיט איר ליבע לאָבן..."

*

בעלאַס פּנים ז'ווייס ווי מאַרמאָר,
פֿריש און ראָזיק אירע בעקלעך,
אינם צאַרטן, אַרבללאָזן,
טיף געדעקאָלטירטן, ווייסן,
דינעם, ווייכן זיידן קליידל
זעט זי אויס: אַן אַפֿריקאָז=בוים
אינם אַפֿריקאַנעם פֿרילינג,
מיט דער צאַרטער ווייסער בליונג,
חנ'יק, שפּע'דיק באַשאָטן,
ווען אַ מאָרגן=זון' באַשטראַמט עס
מיט אַ גאָלד=ליכט=איבערפֿליסונג.
ס'ליגט איר יונגער קאָפּ באַקוועמלעך
אויף סעם טרוימקינדס פֿלייצע רויִק,
און עס דוכט זיך ביידן אָפּעט,
אַז עס איז אַ זיסער חלום.
אין דער יונג=פֿריילעכער חברה
זענען די עלטערן זיך מתקנא,

דערלאַנגט דער אַלטער פּיטער הערןאָלד
אַ כאַפּ זיין טאָפּלט־גיידערדיקע,
פּעטע ווייב, ס'הייסט: העטיס מוטער,
און זיי דרייען זיך און טאַנצן
לאַנג, צוזאַמען מיט דעם יונגוואַרג,
ביז עס שלאָגט שוין צוועלף אַ זייגער,
דאַן ערשט פּילן זיי זיך מידלעך,
זאָגן צו די געסט: „גוט נאַכט" באַלד,
גייען זיך אַוועק שלאָפן.

דאַן ערשט ווערט גאָר ריכטיק היימלעך.
ווי דורך כּישוף וואַקסן אויס
פלאַשן ווייַן און ביר און בראָנפן
אין די הענט ביי אַלע יאָלדן,
און מען לאָזט זיך פאָרלעכווייז דאַן
דרויסן אינם ברייטן גאָרטן,
אונטער וויין און פייגנביימער...

*

צווישן דיקע עפּלביימער,
אויף אַ נידעריקן בענקל,
ראָמאַנסירן טרוימקינד, בעלאַ
אין אַ שיכּורלעכן צושטאַנד,
מורמלען, שושקען זיך און פּרעפּלען
אָפּגעריסענע האַלבע פראַזעס,
קושן און האַליובענען זיך,

צוגעשמידטע צו אייגאַנדער,
און עס ווערן ביידנס אָטעם
קורץ און גיך, און סאָפּען שווערלעך.
דורכן נאָז קומט טרוימקינדס שעפּטשען:
„...זעלמאַ, זעלמאַ, זעלמאַ, זעלמא...״

— — — — — — — — — — — — — —

* *
*

פון דאַן אָן הויבט טרוימקינד פילן
מונטערער און אויפגעלעבטער,
ער אַרבעט פלייסיקער, ענערגיש.
ס'האָבן בורעס ליב צו האַנדלען
נאָר מיט אים, ער איז באַגלויבט זיי,
און עס רופן אים די קאַפּירס:
„טאַנדו־באַנטו, מענטש־ליבהאָבער״.

פון זיין אַרבעט איז צופרידן
אויך זיין באַלעבאָס לומפּאָווסקי,
וועלכער שיינט צו זיין איצט עפּעס
העפלעכער, מיט לייכטן שמייכל
ענטפערט ער שוין טרוימקינדן איצט
אויף זיין גריסונג יעדן מאָרגן.

ס'איז לומפּאָווסקין קיינמאָל גאָרנישט
איינגעפאַלן, אַז זיין טאָכטער

זאָל אין פריינטלעכער באַציִונג
שטיין מיט אָט דעם זאַמוט־יינגל.
זי, די רעכטע אַפריקאַנער,
שטאָלץ, אומשולדיק מיידל,
זאָל עפּעס מחזקות האָבן
מיט אַ פּראָסטן שאָפּ־אַרבעטער!

ביידע האָבן גוט פאַרשטאַנען,
ווי צו היטן זיך פון פאָטער,
קאַלט און פרעמד האַלטן זיך ביידע
אין זיין געגנוואַרט דער שווערער.
מערסטנס אָבער פלעגט לומפּאָווסקי
אין די פרייע צייטן זיינע
אין זיין קלוב ביים גרינעם טישל
זיין פאַרטאָן אַלץ, אָדער האָבן
אַנדערע פיל אַמוזאַנטן,
און זיין גוטע שיינע טאָכטער
פלעגט ער טרויען, זיכער גלויבן,
אַז זי איז אַלץ אין געזעלשאַפט
פון אַ חברטע אַ טרייע.
אָבער דאַן פלעגט זי געניסן
זיסע ליבע אין דער שטילן,
מיט אַ פולער מאָס, ביז זאַטקייט,
אין די כישוף־נעכט, די העלע,
פון דער יוגנט־משוגעת...

ענדלעך איז אים אויסגעקומען
עפּעס קשהדיק זיין בעלאָס
צערטלעכע פאַרליבטע בליקן,
וואָס זי וואַרפט אַזוי צו סעמין,
און דער פייערדיקער ענטפער,
וואָס עס האָבן טרוימקינדס אויגן
אָפּגעבליצט, — ער האָט געכאַפּט עס,
און ער האָט זיך בייז צעשריען,
ווילד געפאָכעט מיט די פויסטן,
מיט די שאַרפסטע זידל-ווערטער
אים געדראָט אַרויסצוטרייבן,
ווי אַ הונט, און איר געסטראַשעט
ס'חוצפה-פּנים אויסצופּאַטשן...

איין פרימאָרגן קומט לומפּאָווסקי
אין דעם שאָפּ אַזוי פאַרחושכט,
אַ דערשלאָגענער, אַ בלאַסער:
— „בעלאַ... בעלאַ איז פאַרשוווּנדן!" — — — —

ס'פאַלט אויף טרוימקינדן די נייעס,
ווי אַ דונער... ס'ווערן זיינע
גלידער ווי געליימט, פאַרשטיינערט,
שטאַר פון שרעק און צער די אויגן,
ס'זינקט די ערד אונטער די פיס אים — — —



...ס'ווייס קיין פויגל נישט אפילו,
ווו זי איז אַהינגעקומען.
נאָר פאַרשידענע געשיכטעס,
קלאַנגען, ריידלעך און השערות
הערט מען, אָבער אומבאַגרינדעט.
נאָר די גוטע העטי העראָלד
האָט מיט דריי מאָנאַטן שפּעטער
טרוימקינדן פאַרטרויט איר מיינונג:
אַז די שיינע, ליבע בעלאַ,
האָט איר קינד אַריינגעגעבן
אין אַ קינדערשן אַנשטאַלט, און
זי אַליין — אַוועקגעגאַנגען
צו איר מאַמען, און זי לעבט דאָרט
אין איר סביבה ריכטיק קריסטלעך...

זיינע ווייטיקן צו שטילן
האָט פּרובירט אָפט סעמי טרוימקינד
מיט אַ גלעזל ריינע „ווישקי",
ביז ער האָט זיך צוגעוווינט שוין
צו אַ גאַנץ פלעשל טעגלעך,
און עס האָט נישט לאַנג געדויערט,
ביז לומפּאָווסקי האָט באַפוילן:
ער זאָל האַק און פּאַק באַלד נעמען
גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָרן...

מיט אַ גלייכגילטיקן שווייגן
איז ער זיך אַוועקגעגאַנגען,
טראָגנדיק אין האַרץ יסורים
פון די בענקעניש, פאַרלאַנגען
צו דעם טייל פון זיין נשמה,
אָפּגעריסן פון זיין קערפּער,
לאָזנדיק אַ וווּנד אַ רויען,
און אַ ברענענדיקן ווייטיק! — — —

אָבער ער נעמט אָן מיט ליבשאַפט
זיינע אייגענע יסורים,
און ער האָט דערפון הנאה,
וואָס ער ווערט מיט שמערץ און ליידן
שטאַרק געשטראָפט און אויסגעפייניקט —
פאַר דער מוראדיקער עוולה,
וואָס עס איז פאַרשאַפט געוואָרן
דער באַליבטער זונענמיידל,
בעלאַ, די נחמה] זיינע
אין זיין וואָגלונג אין זיין עלנט.

*

דאָך געלינדערט זיינע שמערצן
האָט די מילדע העטי העראָלד,
וועלכע האָט געבענקט נאָך בעלאַן,
און אַ חברטע אַ טרייע
איז זי טרוימקינדן געוואָרן,

און צוזאַמען האָבן ביידע
אויסגעווייַנט זיך אויפן גורל
פון דער שותפותדיקער פרייַנדין...
און די צייט, וואָס היילט פיל ווונדן,
מיטגעהאָלפן האָט צו היילן
ביידנס צער־פולע הערצער...

*

——— קיין ראָמאַנטישע געפילן
האָט ער נישט געהאַט צו העטין,
נאָר אַ פאַרגעניגטעס לעבן
האָט ער דאָך פון איר גענאָסן ———
און ווען ס׳איז אַ מאַן געקומען
חתונה געהאַט מיט העטין,
האָט ער זייער לייכט געטרייסט זיך
מיט אַן אַנדער מיידל, העדוויג,
און אַן „עני" און אַ „בערטא"
און אַ „דאָראָטי" און „לולו" —
ביז ער האָט מער נישט געקענט שוין
אַלע נעמען גאָר געדענקען,
נאָר אין מוח פּלאָנטערן זיך
אַלערלייענע פיגורן
מיידל־פאָרמען תענוג־רייכע,
וועלכע ער האָט אויסגעזויגן,
פלאַטערנדיק, אומשוועבנדיק
פון דער איינער צו דער צווייטער

ווי אַ בין, וואָס פליט מיט אימפעט
פון איין בלימל צו דעם צווייטן,
אויסזויגנדיק זיסע זאַפטן — — —

## 9

זיסע זאפטן!... אָבער אָפטמאָל
בלייבט אַ גיפטיק ביטער נאָך־טעם,
און עס ברענט אַזוי קאַרבוליש...
גאַלביטערניש, ברענענישן
האָט ער שוין געהאַט אין לעבן!
דאָס דערמאָנט אים מער פון אַלע
די פאַרהעלטענישן זיינע
מיט דער בילד־שיינער הענדרינע,
פאַסטאָר שעקערמאַנס אַ טאָכטער.

...ווי אַ צויבער־בילד פון אומשולד,
אַלעמאָל געקליידט אין ווייסן,
פלעגט פאַרביישוועבן דאָס מיידל
טרוימקינדס שאָף, ביים הויז פון פאַסטאָר,
ווי פאַרחלומט גייט הענדרינע,
קיינמאָל זיך נישט אומקוקנדיק,
ווי עס אינטערעסירט איר גאָרנישט
קיין זאַך אויף גאָטס ערד דער ברייטער,
אויסער ס׳בוך, וואָס זי טראָגט תמיד,
און די וואָלקנס צו די, וועלכע

ס׳קוקן אירע שוואַרצע אויגן.
אויסגעדוכט זיך גאָר אין אָנהויב
האָט די דאָזיקע הענדרינע,
ווי אַ שטאָלצע, קאַלטע, בייזע,
וועלכע וועט גאָר פרעמד אים בלייבן.
אָבער ווען ער האָט זי דערקענט,
האָט זי זיין רו אַוועקגערויבט.
און ער ווייס געני די סיבה
פון זיין ווערן אַ פאַרפלעפטער,
אויפגעברויזטער, אויפגערעגטער,
מיט אַ האַרץ־קלאַפעניש תמיד.
און עס גייט נישט איין אים ס׳עסן,
און ער קאָן ביינאַכט נישט שלאָפן,
ווייל מיט פנים און מיט מינעס,
מיט פיגור און האָר און אויגן —
ענט די דאָזיקע הענדרינע
צו זיין ליבער זעלמאַ גאָלדין.

* *
*

זיינע גוטע קונדן זענען
אי הענדרינע, אי איר מוטער,
סחורה גיט ער זיי בחינם,
נאָר זיי זאָלן קומען אָפטער,
שענקט הענדרינען אַלע ווײלע
שטיקער „קרעפדעשין״ און זיידנס,

שאָקאָלאַדע און קאָנפעקטן
אין די שאַכטלעך זייער פּראַקטיק.
און זי נעמט אַלץ, וואָס ער גיט איר,
און ער פילט זיך אמת גליקלעך,
ווען זי רעדט מיט אים געטפריינטלעך.
ער דערקלערט איר: זי דערמאָנערט
אים זיין בעסטע יוגנט=פריינדין,
וועלכע איז פון אים דערווייטערט,
און ער האָט שוין נישט קיין האָפענונג,
ווען מיט איר צוזאַמען קומען.
זי באַדויערט מיט באַמערקונג:
„ס'וואָלט אַזוי אינטערעסאַנט זיין
אָט די פריינדין צו דערקענען",
אום צו וויסן, וואָס פאַר איינדרוק
ס'קאָן איר אייגן אָנבליק מאַכן,
כאָטש זי ווייס גענוי דעם איינדרוק,
וואָס זי מאַכט אויף אים אַליין אָפּט.
זי דערקענט עס אָן זיין פּנים,
וועלכער ווערט באַדעקט אינגאַנצן
מיט אַ ליכטיקייט פון גליקשיין.
ווען ער שטייט מיט גרויס הכנעה
קעגן איר, אַריינקוקנדיק
אין די אויגן איר מיט ליבשאַפט,
ווי אַ הינטעלע אַ טרייס,
קוקט אַריין זיין אייגנטימער
אין די אויגן, ווען ער גיט אים
אַ געשמאַק פעטן ביינדל...

און זי זעט אים אָפּט אין גאָרטן
צווישן זיין הויז און דעם פּאַסטאָרס
ווי־זאַ־ווי דעם שמאָלן פענסטער
פון העבדרינעס העלן צימער,
שטייט ער, וואַרט ער אין דערשטילן,
אפשר וועט אַ נס פּאַסירן,
ס'וועט דער צפון זיך דערוועקן,
ס'וועט דער דרום זיך דערבאַרמען,
און אַרויסשיקן אַ ווינטל,
וועלכער זאָל פּאַנאַנדערפּענען
די שניי־ווייסינקע גאַרדינען,
וועלכע פוציק צאַרט באַדעקן
ס'פענסטערל פון דער העבדרינע,
און אַ קוק וועט ער דאַן כאַפּן
אויפן בילד פון ריינער אומשולד — — —
און זי וועיס און פילט זיין ליבע
פון זיין נאָכפאָלגן מיט בליקן
אַלע זונטיק, ווען צוזאַמען
מיט איר פאָטער און איר מוטער,
מיט די אַנדערע צוויי מיידלעך
און דריי קליינע יינגלעך, גייען
שטילערהייט, פיין אויסגעפוצטע
אין דער קירך אַריין צו תפילה,
ווען העבדרינע זעט אויס ריכטיק
ווי מען מאָלט אַ ליבן מלאך.
און דער תמימותדיקער, צאַרטער,
שטילער מלאך קומט גאַנץ אָפט אים

צו באַזוך אין זיסן חלום
און זי לייגט איר וואַרעם בעקל
צו זיין פּנים און זי זאָגט אים:
— „כ'האָב אַ סוד דיר אויסצוזאָגן,
איך בין זעלמאַ, דיין געליבטע,
און איך האָב דיך ליב, ווי ס'לעבן,
כ'גיי אויס פּשוט פון די כּוחות,
כ'וויל זאָלסט זיין אין מיינע אָרעמס,
זאָלסט אין מיין וואַרעמלעכקייט
טרייסט און פרידנסגליק געפינען...
נאָר דאָס קען נאָך נישט פּאַסירן,
ווייל מיין פאָטער איז אַ פרומער
און אַ זייער שטרענגער פּאַסטאָר;
און מיין מאַמע פּאַסט מיך אויפעט,
כ'זאָל חלילה נישט פאַרבלאָנדזשען
אין דיין צימער, ווו מיין האַרץ ציט,
יע, וווהין עס רייסט זיך געוואַלטיק
מיין נשמה פול מיט ליבע!"...

*

— — — ווען פון אָט אַזעלכע חלומות,
אויפן וואָר דערציילט איר טרוימקינד,
ווערן פול הענדרינעס אויגן,
און זי קוקט מיט זיסער ווייכקייט,
פּלוצלונג גייט זי צו, דערלאַנגט אים
גיך אַ קוש אויף זיינע ליפּן,

זאָגנדיק: „אָ, יו גרייט לאווער*)!"
שלייכט זי זיך אַרויס פון שאָפּ באַלד
מיט אַ שמייכעלע אַ מילדן.

*

טרוימקינדס גייסט ווערט לעבעדיקער,
און ער פלאמט מיט גרויס אַנטציקונג
וועגן די בסודותדיקע,
אָפּטערע באַגעגענישן
מיט הענדרינען אינם גאָרטן,
צווישן שורות גאַנץ־געדיכטע
פיל פּאָמעגראַנאַטן־ביימער.
מיט די ריינלעכסטע געפילן,
מיט די ערלעכסטע מחשבות
האָט ער זיך אַרומגעטראָגן:
נאָר צו זיין אין איר געזעלשאַפט,
נאָר איר שטימע־קלאַנג צו הערן,
אפשר אויך וועט זי אים ווידער
מיט אַ ליפּן־קוש באַגליקן.
מערער האָט ער נישט דערוואַרט גאָר,
נישט געקענט האָט זיין גאָר אַנדערש,
ווייל געגלויבט האָט ער גאַנץ ערנסט
אין איר אומשולד, אין איר שטאָלצקייט,
און ער האָט באַטראַכט זי זיכער

*) „אָ, דו גרויסער ליבהאָבער".

אַלס די ריינסטע און נאַיִווסטע
מיידל, וואָס ער האָט באַגעגנט,
ווען ס'האָט קיין מענער־האַנט נאָך
קיינמאָל נישט געוואגט אפילו
זי וווּלגאַריש צו באַרירן...
און דערפאַר איז ער געוואָרן,
ווי צעדולט, דערשטוינט, צעטומלט,
ווען זי האָט זיך צוגעלאָזן,
אונטערוואָרפן אים באַגעריק,
מיט אַ צוטרוי אומבאַגרענעצט,
איבערגעגעבן זיך אינטימלעך...
נאָר באַשווערנדיק אים תּמיד
מיט די האַרבסטע, שאַרפסטע שבועות:
ס'זאָל אַ פויגל דאָס נישט וויסן.
אויב אַ נפש זאָל, חלילה,
פון דעם גרויסן סוד דערפאַרן,
וועט זי עס נישט איבערלעבן!— — —

*

— — — צוגעפאַלן מיט אַ חשק,
ווי אַ דורשטיק־פאַרשמאַכטער
פאַלט צו צו פרישן, קילן וואַסער;
האָט ער פון דעם שטראָם פון ליבע
פיל געטרונקען און געלאָבט זיך.
און געווען איז ער זיכער,
אַז ער איז דער איינציקער גאָר,

ווען ס'איז די גרויסע זכיה
פון הענדרינעס צערטלעכקייטן,
אזוי צוגעטון געגעבן.
און ביי זיך געווען דערהויבן...
און דערפאר, אבער, דערנאכדעם
איז זיין קאפ אזוי געווארן
נידעריק אראפגעלאזן,
ווען א פריינט אים שטיל פארטרויט האט
ביי א גלעזל ווין א רויטן,
אז אינטים איז ער געוועזן
מיט דער פרומלעכער הענדרינע,
אז זי איז נישט אזא צנועה,
ווי זי שטעלט זיך אן מיט פאזעס,
ווייל ווען זי ז'געווען נאך זעכצן
האט זי שוין געהאט מחזקות
מיט א פריינט, א יונגן בחור...
רשעות האבן בייזע צינגער
אלץ גערעדט דאן אויף הענדרינען,
נאכדעם האט געהאט זי אפשר
זיבן ליבהאבער, חתנים,
ביז זי איז אנטוישט געווארן.
דאן האט זי גענומען, כלומרשט,
האסן מענער, אנשטעלן זיך
שטאלץ, נאיוו און הייליק־פרומלעך...

*

פלוצלונג, גאָר אָן טעם, אָן סיבה,
ווערט הענדרינע טרוימקינדן גאָר
עפּעס קאַלטלעך, ווייזנדיק אים
אָפּפרעמדונג=סימנים קלאָרע.
ענדלעך האָט זי אָנגעהויבן
זיך דערווייטערן, זיך אָפּזאָגן
צו באַגעגנען אים ווי תּמיד,
אַלעמאָל אַרויסגעמאַכט זיך
מיט תּירוצים נאַריש=שוואַכלעך
און מיט לייכטזיניקע ליגנס.
דאַן נעמט טרוימקינד זי נאָכשפּירן,
און ער כאַפּט זי אָן רויט=הענטיק.
אָנגעקומען איז אין שטעטל
אַ באַאַמטער אין דער שטאָט=פּאָסט,
הויך און קרעפּטיק, מיט אַ קליינעם
שאַרף=פאַרשפּיצטן שוואַרצן וואָנסל,
און ער איז אַן איינגייער דאָרט
ביי דעם פּאַסטאָר שעקערמאַן.
אָפּגעוואַרט אַמאָל האָט טרוימקינד
אויפגערעגט, צעקאָכט, פאַרביטערט,
ווען דער יונגערמאַן אַריין איז
אין דעם פּאַסטאָרס הויז און דאָרטן
אויף אַ לאַנגער צייט געבליבן...
און אין רעכטן מיטן נאַכט דאַן
איז דער קנאה=פולער טרוימקינד

ווי אַ קאַץ אַרויפגעקראָכן
אויפן פונדאַמענט דעם הויכן
אונטער זיין הענדרינעס פענסטער,
דורך אַ ריס אין דער גאַרדינע
האָט ער ביי אַ ליכטל־לייכטונג
גוט געזען זיי בײדן ליגן
אויף אַ ווייכער רויטער סאָפּע
אין אַ פּאָזע גאָר צו שרעקלעך!...

עקדעשן און שלאַנגען בייזע
קענען גיפטיקער נישט בייסן!
מיט אַ קאַלטן שווייס באַגאָסן,
מיט אַ ווייטיק טיף אין האַרצן,
און די פיס ווי אָפּגעליימטע
שלעפּט זיך טרוימקינד אין זיין צימער,
קלאַפּט זיך אָן וואַנט און כליפּעט...

## 10

... ווידער זוכט ער טרייסט אין פלעשל,
שטייט אין שענק און גיסט אַריינעט
„ווישקיס"*) איינע נאָך דער צווייטער
נישט קיין וואָרט אַרויסריידנדיק גאָר — — —!
דאָרטן ווערט ער איינגעלאַדן

*) „ווישקי"—אַ סאָרט בראָנפן.

אַ האַנט אין קאָרטן־שפּיל צו נעמען
אינם הויז פון מיסטער טיגער,
וואָס מען רופט אין שטעטל: „קלייזל".

סטעלאַ טיגער איז דאָס ווייבל
פונם ספּעקולאַנט ראַלף טיגער,
ראַלף — אַ יידל, קליין און מאָגער,
ווי אַ קוועקזילבער באַוועגלעך,
וואַרפט די הענט אויף אַלע זייטן,
האָט קאַסאָקע, כיטרע אייגעלעך,
האַסטיק רעדט ער און אָפּשטעל,
ווי אַ מילכל מאָלט ער, פּלאַפּלט,
און דאָס שטענדיק תּמעוואַטע
שמייכעלע אויף זיינע ליפּן
דריקן גרויס צופרידנהייט אויס
און אַ מאָדנע גוטמוטיקייט.
אָפּגעלאָזן אין זיין קליידונג:
אַ פאַרעלטערטער גאַרניטור,
שווערע, האַרטע שיך, פאַרשטויבטע,
אַ פאַרפלעקטער שטייפער קראַגן,
און אַ שניפּס גאָר, און אַ שלייפל,
האַלט אַ ציגאַרעטל תּמיד
צווישן געל־פאַררויכטע פינגער.

פון אַ קרעמל מיט אַ שענקל
עפּעס אויף אַ פאַרם, אַ ישוב,
געלט אַ סך האָט אָפּגעשפּאָרט ער,

אָפּגעקאַרגט פון עסן, טרינקען,
אָפּגעשפּאָרט פון גוטער קליידונג,
נאָר דערפאַר איז זיין האַנט אָפּן
אַלעמאָל געווען אין קאָרטן.
שפּילט אַ „גיים" גאָר אויסגעצייכנט,
ווען ס'איז דאָ אַ פרייע מינוט נאָר,
און ער שיט דאַן פולע הויפנס
געלט דאָרט אויפן גרינעם טישל.

אָפּלעבנדיק לאַנגע יאָרן
אויפן פאַרם דאָרטן איינזאַם.
אָנגעפירט און אויפגעפּאַסט האָט
ס'גאַנצע הויז און זיין ווירטשאַפט,
אַבאַסוטו קאַפּיר-מיידל,
וועלכע האָט געדינט אים ערלעך,
און געווען די טרייע מוטער
צו די צוויי קויל-שוואַרצע קינדער,
וואָס זי האָט פון אים געבוירן,
וועלכע פלעגן שטענדיק קוקן
אויף דעם פאָטערל, דעם ווייסן,
מיט אַ מאָדנעם כבוד-פּחד
אין די ברענענדיקע אויגלעך...

לעבן מיט דער מאַמען זייערער
אינם מאלפּנהיים „לאָקיישן",
און זיי קריגן יעדן חודש
פינקטלעך פולקאָם אויף צום לעבן,

מיט אַ תּנאַי, אַז קיינמאָל טאָרן
זיי אין הויז צו אים נישט קומען.
וויצלט מען זיך אינם שטעטל:
אַז אין מאַלפּנהיים „לאָקיישן"
איז אַ שרעק אַריינצוקומען —
ס׳זענען טיגערלעך דאָרט פאַראַנען...

טיגער האָט זיין שאָפּ און שענקל
אויספאַרקויפט אַלץ, און געוואָרן
אַ באַגליקטער „ספּעקול׳יטער".
פאָרט אַרוי׳ס אויף דער מדינה
דורכן וואָך אַ דריי־פיר טעג נאָר,
און די צייט, די איבעריקע,
אין די גאַסן אַלץ שפּאַצירט ער,
אין האָטעל געפינט ער אָפּט זיך
מיט באַקאַנטע, מאַכט אַ שנעפּסל.

אַלס אַ פערציק־יאָריקער בחור
האָט ער אָנגעטראָפן סטעלאַן,
אירע עלטערן געוועזן
אירלענדישע קאַטאָליקן,
ביידע אָפּגעשטאָרבן יונגע.
זי איז דרייצן יאָר געווען דאַן,
ווען אַ קריסטלעכע פאַמיליע
האָט זיך איבער איר דערבאַרעמט,
די פאַרלאָזענע יתומה
אַלס אַ טאָכטער אָנגענומען.

ס'איז ראַלף טיגער איר געפעלן,
און געוווּסט האָט סטעלאַ ריכטיק,
אַז ער איז אַ ייִד אַ רייכער,
האָט זי נישט געקלערט אַפילו,
און אים נישט געלאָזט פיל וואַרטן,
ווען ער האָט איר פאָרגעשלאָגן
חתונה מיט אים צו האָבן.

פייער=רויטע האָר האָט סטעלאַ,
קלאָרע, גראָלער=בלאָע אויגן,
וועלכע דריקן אויס אַ פרייקייט
און באַגער צו לעבנספריידן.
מיטלוווּקסיק, שלאַנק, און ס'פּנים
ווייס און ריין, די פוּלע ליפּן
ווייזן פעסטקייט, עפּעס שטאַרקייט.

*

נאָך איר חתונה האָט סטעלאַ
איינגעשטעלט זיך מיט פאַרלאַנגען:
זיך אַלס ייִדיש קינד צו מאַכן,
אָנגעהאַלטן אין איין טענהן
צו איר מאַן, און רעדן, מאָנען,
ער זאָל טון אַלץ, וואָס איז נויטיק
אַ גיורת זי צו מאַכן.
אויסגעפירט! זי איז שטרענג ייִדיש.

ערב שבת, ערב יום־טוב
בענטשט זי ליכט גאָר ווי אַ צנועה,
און זי כשרט פלייש ווי נויטיק,
היט אָפּ פינקטלעך פליישיקס, מילכיקס.
זי איז די ערשטע אויף אַ צדקה,
גיט נדבות משולחים,
וועלכע זאָגן: „די גיורת
איז די פרומסטע פונם שטעטל,
און עס מוזן רעכטע יידישע
פרויען זיך פון איר גאָר לערנען"...
דאַרפן יידישע פרויען עפּעס
וויסן וועגן יידישע זאַכן,
ווען עס קומט אַ יום־טוב אויסעט,
ווען מען דאַרף כפרות שלאָגן,
אָדער „יזכור" ווען צו זאָגן —
גייט מען פרעגן מיסיס טיגער.
און די פרויען רופן אָנעט
שטילערהייט, מיט שפּאָט און קנאָה,
„רביצין" — די מיסיס טיגער.
און דאָס הויז פון אָט די טיגערס
רופן אַלע אָן „דאָס קלייזל",
ווייל נאַכט־איין נאַכט־אויס מאַכט סטעלאַ
אין איר הויז אַ קאָרטן־„פּאַרטי",
און מיט ברייטער האַנט טראַקטירט זי,
מיט דעם בעסטן, פיינסטן כיבוד.
קומען זיך צוזאַמען אַלע,
וועלכע האָבן ליב אַ קערטל,

קומען יונגע און אויך אַלטע,
און מען טרינקט אַ ביר, אַ שנעפּסל,
און מען אַמוזירט זיך פריילעך;
אָפּטמאָל ווערן צאַנקערייען,
און מען זידלט זיך גאָר היציק,
מ׳רופט זיך אויס אַלץ, וואָס אין קאָרט שטייט.
איינער שרייט: „דו ביסט אַ תּרח,
הויבסט נישט אָן צו קענען שפּילן,
ביסט אַ האָלץ־האַקער אַן עכטער,
אפשר קאָנסטו קוגל עסן,
אָבער נישט קיין קאָרטן שפּילן!"
שרייט דער צווייטער אויס זיין ענטפער:
„מיינסט, אַז דו ביסט שוין אַ יחסן?
מיינסט, דו ביסט שוין גאָר אַ טשעמפּיען,
און אַ חכם, און אַ גאון?
קענסט מיר גלויבן אויף נאמנות,
אַז מען קען דיך אינם שטעטל,
אַז ס׳באַשטייט דיין גאַנצע חכמה
פון דיין שפּילן — נאָר אין שווינדל!"...
ווערן אויפגערעגט די שפּילער,
און מען שרייט מיט הויכע קולות,
און עס הויבן זיך קולאַקעס,
ביז עס מישט אַריין זיך סטעלאַ,
און זי בעט זיך מיט תּחנונים,
עס זאָל אָרדנונג, שלום ווערן.
ווערט עס שטילער, און מען זעצט זיך
עפּעס רואיקער; און נאָכדעם

נעמט מען ווייטער זיך פאַרטיפן
אין דער שפּיל מיט גרויס כוונה.

די טיגערס לעבן אין אַ רחבות,
זייער הויז — אַ שפע לוקסוס,
מיט די טייערסטע מאַסיווע
מעבל, וועלכע בלאַנקען, שיינען;
עס באַפּוצן רייך די פענסטער
האַנט־געהאַפטע זייד־גאַרדינען,
גרויסע, שווערע לאַנדשאַפט־בילדער,
מיט די שרייעדיקסטע פאַרבן,
הענגען אויף די ווענט און גלאַנצן,
אויפן מערב־וואַנט, אַנטקעגן
דעם אַריינגאַנג, באַלד דערזעט זיך
אַ פאַרגרעסערט בילד, וואָס סטעלאַ
האַלט עס טייער און פאַרהייליקט:
איר געליבטער מוטערס קבר
מיט אַ בוימעלע באַוואַקסן,
מיט אַ גרויסן, שווערן צלם...
סטעלאַ איז פאַרפּוצט אין זיידנס,
נאָך דער מאָדע, און באַהאָנגען
מיט די קאָסטבאַרסטע ברילאַנטן,
דימענטענע רינגען בלאַנקען
אויף די ווייסע פינגער אירע,
און זי רויכערט אַפּעטיטלעך,
וואַרפנדיק אויף סעמי טרוימקינד
נייגעריקע פאָרשונג־בליקן.

* *
*

טרוימקינדן געפעלט די חברה,
און ער איז שוין אַ בן־בית
ביי די טיגערס, און זיי זענען
זיינע בעסטע פריינט אין לעבן.
ווען ער זוכט פאַר זיך אַ וווינונג,
באַטן זיי אים אָן אַ צימער
אינם שיינעם הויז זייערן,
נעמט ער עס מיט גרויס פאַרגעניגן.
סטעלאַ מיט זיך אים צו מאַכן
אנגענעם און גאַנץ באַקוועמלעך.

קאָרטן־שפיל ווערט מיט דער צייט אים
ליב באַהאַרצט, און ער פאַרטיפט זיך
מיט משוגעהדיקער תאווה,
שפילט אָן אויפהער ביי די טיגערס,
ווי באַטרונקען, ווי פאַרכּישופט
איז ער אינם קאָרטן־צירקל.

זיין פאַרגאַנגענהייט — פאַרשווונדן,
פון אַ צוקונפט טראַכט ער גאָרנישט,
ס'איז אַ קעגנוואַרט נאָר פאַראַנען,
וואָס עס האָט פאַר אים איין מיינונג:
שאָפּ־אַרבעט און קאָרטן, קאָרטן,
וועלכע זויגן אים אויס די לעצטע

טראָפּנס פון זיינע יוגנט־בלוטן...
דאַרער, בלייכער ווערט זיין פּנים,
איינגעבויגן ווערט זיין רוקן,
און ער פילט זיך מיד און שוואַכלעך.

סטעלאַ פאַסט אים אויף מיט ליבשאַפט,
מיט אַ שוועסטערלעכער טרייהייט.
אָפט צערעדט זי זיך, דערציילט אים,
אַז זי ליידט און שמאַכט נאָך ליבע,
וואָס נאָר ער קען איר דערלאַנגען...
און זי וויינט פון גרויס יסורים,
און זי וואַרפט זיך צו די פיס אים,
פאַלט אים אויפן ברוסט צעוואַרעמט,
זיינע ליפן זויגט זי ווילדלעך,
און באַוועגט זיינע געפילן...

ער איז קאַלטלעך, ווייל צו פרויען
האָט ער גלויבן ווי פאַרלוירן,
ס'רייצט אים סטעלאַ קיין באַגער נישט,
גלעט ער איר דאָס חניקע פּנים
מיט רחמנות און מיט גוטסקייט,
ווי אַ חבר, ווי אַ ברודער,
און באַמיט זיך זי צו טרייסטן,
אָפּצוקילן אירע גלוסטן,
און ער בעט זיך שטיל און איידל,
אַז זיי זאָלן בעסער בלייבן
גוטע פריינט, געטרייע, ריינע...

* *
*

...און אַז ער איז קראַנק געוואָרן
אויף סכנותדיקער היץ=קרענק,
איבער אים דער טויט געשוועבט האָט,
האָט דאַן סטעלאַ טיגער ס'לעבן
איינגעלייגט פאַר אים, איר ליבסטן,
טריי געוואַכט, געהיט אים תמיד,
ווי אַ מאַמע וואַכט מיט ליבע
איבער אירס אַ קינד ליבהאַרציק.

...ווען ער איז געזונט געוואָרן,
און דערגאַנגען פון זיין דאָקטאָר,
אַז ער האָט צו דאַנקען סטעלאַן
פאַר זיין לעבן, יאָ, נאָר סטעלאַן,
דאַן האָט ער דערזען זי פּלוצלונג
אַלס אַ גוטן מלאך=גואל,
אויפגעלעבט אין אים האָט מעכטיק
אונטערוואָרפנקייט=געפילן
צו דעם טרייען, ליבן ווייבל,
נאָר ער האָט מיט אַלע כוחות
זיך געשטאַרקט איר נישט באַרירן.
אָבער זי האָט אים געצויגן
מיט די פייערדיקסטע קרעפטן,
און געוועקט אין אים פאַרלאַנגען,
און געלאָקט אים און גערופן

און די נעכט, די לינדע, שטילע...
און ער האָט איר רוף געענטפערט...

און עס איז קיין טיפער סוד נישט,
אַז די צוויי באַליבטע קינדער —
ס'הייסט פון ראַלף און סטעלאַ טיגער —
זעען ריכטיק אויס ווי טרוימקינד,
וועלכער איז דאָך זייער פאָטער.

## 11

פּאַזע ווער, נישט ווייט פון שטעטל,
ליגט אַ שטיין=בערגל, געפּאָרעמט
ווי אַ ליגעדיקער העלפאַנט.
לעבן בערגל שטייט פאַרלאָזן
אַ פאַרראָסטעביידל=פעסטונג,
אויסגעמאַכט פון שטאָל און אייזן,
ס'האָט געדינט אַלס וואַנדער=פעסטונג,
פון אָרט צו אָרט אַרומגעטראָגן.
דיקע אייזן=ווענטלעך האָט עס,
קוק=רערן און ביקסן=לעכער
אַרויסצוקוקן, אום צו שיסן.
ס'איז געבליבן דאָס אַ זכר
פון דער ענגליש=בור מלחמה.
לעבן דער פאַרראָסטער פעסטונג,
שטייען גרויסע קאַסטנס פולע,

אָנגעפּאַקט מיט קויפּ אַ הויכן,
שאַרפע שפּיציקע, דרייקאַנטיק
קליינע פּאָדקאָוועס פון אייזן,
ס׳ענגליש מיליטער אין קריג האָט
אויסגעפונען די המצאה
אויף די וועגן און די פעלדער
אויסצושיטן אָט די שאַרפע
פּאָדקאָוועס די משחיתדיקע,
אום די בורן=פערד און רייטער
מזיקן און צעקאַליעטשען,
אומגעריכט צו בלייבן ליגן.
ווער עס גייט דאָס אָרט פאַרביי נאָר,
שטעלט זיך אָפּ און קוקט אַ ווייַלע,
און דערלאַנגט אַ צי די פּלייצעס,
זיפצט טיף און שווער זיך אָפּעט,
גייט אַוועק באַלד מיט אַ שוידער
פון דעם זכר פונם חורבן,
פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע,
וועלכער רופט זיך „בור=מלחמה״.

*    *

*

עלנט אָפּגענאַרט, צעבראָכן,
גייט זיך לאַנגזאַם זעלמאַ גאָלדין
איבער טאָלן און ביי טייכן,
אין די ברייטע ווייטע פעלדער

איבער בערג און איבער שטיינער,
שטאַר די גרויסע שיינע אויגן,
וועלכע ווייט גאָר צילּלאָז קוקן,
ביז זי קומט זיך צו דער פעסטונג,
און פאַרקוקט זיך ווי פאַרחלומט,
אויפן זכר פונם חורבן...

*

אוי, וואָס טרערן ס'האָט געקאָסט איר
אויסצורייסן אים פון האַרצן —
טרוימקינדן, איר פיל געליבטן,
איר פאַנטאַזיע, איר אַמביציע!
אוי, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט שוין
און וואָס זי שוין דורכגעלעבט האָט!
די היסטעריקעס די שווערע,
און ביז בלוט צעביסענע ליפּן!
אירע טעג, די הבלדיקע,
נעכט, די שלאָפלאָזע, די שוואַרצע.

מיט אַן איבערכּוחותדיקער
אָנשטרענגונג דורך לײדן שווערע,
אומדערטרעגלעכע יסורים,
אויסגעריסן האָט זי דאָך אים!
אויסגעריסן אים צוזאַמען
מיט די טיף־אַריינגעשלאָגענע
וואָרצלען פון איר גרויסער ליבע

פון איר האַרצן, וואָס געבליבן
איז עס פוסט און וויסט און ליידיק,
און מיט ווונדן=בלוט פאַרלאָפן.

* *
*

שאָטנס, שאָטנס, ברייטע, גרויע
פאַלן פון די בערג די הויכע.
ווונדערבאַר צעשפּילן זיי זיך
אין דער העלקייט פון דער זונשיין,
און ווי נעצן אויסגעפלאָכטן,
דרייען זיי זיך, פלאַטערן זיי,
און אין זיך פאַרפּלאָנטערן זיי
די צעשפּרייטע פּיס פון ריז=בערג...
אַלץ אַרום נאָר שאָטנס זעט זי,
ס'איז פון אַלץ געבליבן שאָטנס...
ס'לויפט איר נאָך אויף שריט און טריט דאָ
אויך איר אייגענער שלאַנקער שאָטן.
וואָס איז זי אַליין — אויב נישט נאָר
אַ פאַרבלייכטער לייכטער שאָטן? — — —

אינדערוווייטנס שפּרייט זיך אויסעט
אַ מיראַזש, אַ ים אַ בלאָער.
ס'דוכט זיך: ס'שווימען דאָרטן שיפן.
נאָר אָט קומט אַ קליינער וואָלקן,
און פאַרדעקט די זון אַ ווײַלע

דער מיראַזש ווערט באַלד פאַרשווונדן.
אָט אַזוי זענען פאַרשווונדן
די חלומות, האָפענונגען
פון דער ליבער זעלמאַ גאָלדינס
שיינער יוגנט — אין די וואָלקנס
פון דעם לעבנס ווירקלעכקייטן...

* *
*

אויף אַ שטעגל, וועלכער דרייט זיך
ווי אַ שלאַנג אַרום אַ בערגל,
גייט זיך זעלמאַ שטיל, פאַרחלומט,
קוקט צום הימל און זי זעט דאָרט:
ס'ציען זיך געדיכטע וואָלקנס,
שניי־ווייסע מאַסיווע קריעות,
אין אַן איילעניש זיך טראָגן,
איינער וועלנדיק דעם צווייטן
גבורהדיק אַריבערשפּאַרן...
אַלערליי פיגורן זענען
אויסגעפּאָרעמט אין די וואָלקנס:
איין מגושמדיק שטיק וואָלקן
איז אַ רייטוואָגן, אין וועלכן
ס'זענען איינגעשפּאַנט צוויי ריז־פערד,
שטאָלץ אין וואָגן זיצט אַן אָפּגאָט
האַלט די לייצעס אָנגעצויגן...
אין גאַלאָפּ די פערד צעווילדעט

גריוועט אויסגעשטעלט, צעפלויגן
שטעלן הויך די פיס מיט אימפעט,
זעצן אויס באַלד און צעשמעטערן
אי דעם וואָגן, אי דעם אָפּגאָט...

קוקט דאָרט ווייטער אין די וואָלקנס,
זעט זי חיות גרויסע, שווערע,
ס'דוכט זיך: ס'יאָגט זיך דאָרט אַ חיה
נאָך אַ קליינעם ווייסן לעמל,
און צערייסט עס דאָרט אויף פּיצלעך!...
פּלוצלונג, אָ, דערזעט זי דאָרטן
אינם וואָלקן, זיך אַליין גאָר.
ווי אַ לעמל שוואַך פאַרלאָזן
איז זי דאָך פאַרצוקט געוואָרן
פון אַכזריותדיקן לעבן,
אין געשטאַלט פון בייזער חיה...

## 12

...אין אַ כמאַרנעם בין־השמשות
איז אַ ווינט אַ צאָרנדיקער
אין אַ ברוגז־טאַנץ צעשפּרונגען,
מיט אַ פייפעריי און וואָיען
האָט ער מיט אַ קראַפּט צעשאָקלט
ס'פּאָר געדיכטע פּאָפּלאַר־ביימער,
וואָס ביי טרוימקינדס פענסטער שטייען.

ס'רייצן זיך דאָס בייזע רוחות,
מיט אַ רשעות, מיט נקמה
אויף זיין צרהדיקן מזל,
זיין לאַ־יוצלחדיק לעבן...
און פון צווישן אָט די רוחות
שרייט אַרויס אַ קול אַ הויכער,
וואָס איז נאָענט אים און טייער,
און צעיאָמערט זיך מיט רחמים,
מיט ניגונים ווײנעדיקע
אויף זיין לאַגע, וואָס איז קלאָגלעך,
אויף זיין שוואַכקייט, אָפּגעצערטקייט,
און אויף זיין פאַרחושכט פּנים,
וועלכער שפּיגלט זיך אין שויב אָפּ...

קוקט ער אָן מיט שרעק זיין חורבן:
אַלץ פאַרלאָרן, אַלץ געפּטרט...
— ווער איז שולדיק? — מורמלט שטיל ער — — —
ס'האַרץ איז לייכט און גוט געווען,
האָט ער אַלץ געטרויט, געגעבן,
ווער ס'איז נאָר געקומען בעטן...
יעדער בעטלער, יעדער שווינדלער
האָט געגזלט זיין פאַרמעגן,
און דאָס לעבן — אָפּגענאַרט אים,
זיין געזונט גערויבט און יוגנט...

באַנקראָטירט און הויל און אָרעם,
און צעטומלט און פאַרלאָרן,

נעמט אים אָן אַ שוואַרצער יאוש...
נאָר איין שאַנס איז אים געבליבן
איצט זיין מזל צו פּרובירן:
מיילן עטלעכע פון שטעטל,
האָט מען דימענטן געפונען!...

אויפגעלעבט איז ס׳גאַנצע געגנט,
און עס קאָכט, עס טוט זיך מעשים,
און ס׳איז לעבעדיק און פריילעך,
ס׳שטייען פאָר די גרעסטע גליקן!
פּראָקלאַמירט האָט די רעגירונג:
אַז דער „ראַש" קומט פאָר שוין מאָרגן,
ס׳הייסט: דאָס גרויע געלויף צו כאַפּן
דאָרט אַ פּלעצל אויף צו גראָבן,
דימענטן אַדאָרט צו זוכן.
יעדער איינער, ווער עס וויל נאָר,
ווער עס קען נאָר לויפן, כאַפּן,
און באַצאָלט נאָר דער רעגירונג
פאַר דאָס רעכט אין „ראַש" צו לויפן —
קען איין פּלעצל נאָר פאַרכאַפּן,
אום זיין גליק דאָרטן צו זוכן.

גליקזוכער אין גרויסע מחנות
זענען אָנגעקומען דאָרטן
מיט לאָפּאַטעס און לאָמען,
אין אַ שורה, אין אַן אָרדענונג
אויסגעשטעלט זיך, אָפּצוּוואַרטן

דעם רעוואָלווער שאָס=סיגנאַלן —
דאָס געלויף באַלד אָנצוהייבן,
צו דערווערבן זיך אַן ערטל
פון די ליבע רייכטום=שטיינדלעך:

אין דער לאַנגער ברייטער שורה
שטייט אויך טרוימקינד איינגעחושכט,
האַלט אַן אייזן=לאָם אַ שווערן,
און אַ לאָפּעטע אַ קליינע,
גרייט צו לויפן זוכן מזל.

*

אויסגעקנאַלט האָט אַ רעוואָלווער,
און דער מענטשן=ים, מיט שטורעם,
האָט אַ לאָז געטאָן זיך לויפן
מיט געשרייען, מיט געפילדער,
וועלכע טראָגן זיך צום הימל...
ס'ברענט די זון הייס אָן רחמנות,
נאָר דער שטויב, דער טונקל ברוינער,
שווער און גראָב פאַרדעקט די זון=שיין,
ווי מיט דיקער טרויער=הילע,
און עס שוועבט דאָרט אין דער לופטן
פרעסעדיקער צער, אומעט...

*
*

— — — ס'איז דער דיקער שטויב פאַרשוווּנדן...
אויף אַ קליין מוראַשקע־בערגל
אויסגעצויגן ליגט סעם טרוימקינד,
האַלט צו זיך שטאַרק צוגעטוליעט
מיט דער רעכטער האַנט דעם אייזן,
און זיין לינקע האַנט ביים ברוסט...

*

ווען דער דאָקטאָר איז געקומען,
האָט ער טרוימקינדן געפונען
נאָר אַ פּאָר מינוט ביים לעבן,
ס'האָט זיין מויל אַרויסגעשעפּטשעט:
— „זעלמאַ... ליבסטער דימענט מיינער...
ווען איך האָב דיך נאָר פאַרלאָזן,
איז געווען מיין גאַנצעס לעבן,
נאָר אַ בלאָנדזשעניש אין עלנט...
און איך האָב אַהער פאַרבלאָנדזשעט...
לויפנדיק און יאָגנדיק זיך,
אָ, נאָך אַנדערע בריליאַנטן...
דימענט טייערער... מיין זעלמאַ...
טרייע... זעלמאַ... כ'האָב געבלאָנדזשעט..."

* *
*

טריקעניש האָט אָנגעהאַלטן
אין דער געגנט, שטאַרק פאַרעקשנט,
זייער לאַנג שוין נישט גערעגנט.
און אַ מוראדיקער אומעט,
זאָרג און עלנט האָט געלייגט זיך
אויף די מענטשן, און זיי שמאַכטן,
גייען ממש אויס נאָך רעגן.
אויף די אָפּגעבּרענטע פעלדער
שטייען אויסגעדאַרטע בּהמות,
מאָגערינקע קליינע שעפּסלעך,
אויסגעטריקנט, הויט און בּיינער,
הויבּן אויף באַטריבּטע אויגן.
קוקן נעבּעכדיק אַרויף
צו די אויסגעשפּרייטע, דיקע
האָפענונג=טראָגעדיקע וואָלקנס,
און זיי ראָווענען און בּלעקן —
אַזוי ווי ס'וואָלטן בּהמות, שעפּסן
אויך, אַזוי ווי מענטשן, האָבּן
געדאַנקען פון אַ רעגן=תּפילה...
פּלוצלונג נעמט עס שרעקלעך בּליצן,
ס'קראַכן זיך פאַנאַנדער מעכטיק
בּליץ און דונער! הימל שפּאַלט זיך,
ערד צעטרייסלט זיך און ציטערט,
און די לופט איז אָנגעצונדן,

ס'איז אינגאַנצן דאָס פאַרוואַנדלט
אין אַ העלישן פלאַם=פייער.
רעגן, רעגן גאַנצע שטראָמען,
פאַלן, גיסן זיך פון אויבן,
ווי עס וואָלטן זיך געעפנט
ווונדערבאַרע וואַסער=פאַלן,
ס'מבולט מיט אַ רוגזה=שטורם,
אין אַ קורצער צייט פאַרפלייצט עס
אַלע פעלדער, אַלע וועגן,
און ס'זעט אויס: אַ טייך אַ ברייטער — — —

אין דעם רעגן אין דעם שטורם,
אין די ברויזיקע און מוטנע
ליימיק=ברודנע וואַסער=שטראָמען
בלאָנדזשעט ציללאָז זעלמא גאָלדין,
אויסגעווייקט און איינגעבלאָטיקט,
שטיל, פאַרחלשט, מעלאַנכאָליש,
אָן געדאַנקען, אָן אַ שכל,
לאַנג שוין איר פאַרשטאַנד פאַרלאָרן,
רעדט קיינמאָל קיין וואָרט נישט אויס מער,
וואַנדערט שטיל און שטום פאַמעלעך,
אירע הענט די אויסגעדאַרטע
הענגען מיד און שוואַך אַרונטער,
בלייך ווי טויט דאָס שיינע פנים,
גרויסע אויגן, ווילד געעפנט,
קוקן ווייט אַוועק — און בלאָנדזשען — — —

# „טײבל מאָונטן"



„טײבל מאָונטן"



א װינקל גאָר אויבן אויפן „טײבל מאָונטן".

# „ט י י ב ל  מ אָ ו נ ט ן"

## 1

מיט פעלזענער פעסטקייט און געוואַלטיקן שטאָלץ
שטייט רחבותדיק=מעכטיק דער באַרג „טייבל מאָונטן"*),
זיין קאָפּ מיט גרויס גאַווה אין הימל פאַרשטעקט, —
אַן אייביקייט=ריז!

מיט בלייענע וואָלקנס באַקרוינט איז זיין קאָפּ,
אַזוי ווי מיט האַמעטנעם וואָלענעם היטל;
פון הימלשער הויכקייט קוקט ער אַראָפּ,
מיט קאַלטן, מיט שטיינערנעם ביטול
אויפן אַטלאַנטיק, וואָס ליגט אים צופוסנס,
און האַלט אין איין רוישיקן, ווילדן
און שטורעמדיקן סופלאָזן קושן
די פיס פון דעם ריז,
מיט גרויס צוגעטוענקייט, הכנעה פון ליבשאַפט,
צעברויזט פון אַ קאָכיקער לוסט אומגעשטילט...
צערייצט און פאַרשמאַכט פון אַ מעכטיקן, טיפן פאַרלאַנג—
מיט תאַווהשן דראַנג,
וואָס בלייבט נישט דערפילט...

*) אַ פירטוויזנט-פוס-הויכער באַרג ביים ברעג פונם אַטלאַנטיק, אין קייפּטאון, דרום-אַפריקע.

## 2

און גלייכגילטיק — אין זיינע אייגענע כּוחות זיכער —
לאַכט=אויס דער ריז=באַרג יעדן שטורעם
און יעדן בייזן ווינטער;
מיט גבורה=רויִקייט באַטראַכט ער
די אימהדיקע פיל ציקלאָנען, דונערן און בליצן,
וועלכע קראַכן אָפּט אַריבער אים
און איבער זיינע הויכע שפּיצן.
און דאָך, דער מענטש מיט שטאַרקן ווילן,
מיט מעכטיקער ענערגיע און מוט,
האָט אים בייגעקומען,
מיט האַק און האַמער — איינגענומען,
און מיט אַ הערשנדער און שווערער האַנט
געוועלטיקט אומבאַגרענעצט דאָס מענטשעלע, דאָס קליינע,
איבער אָט דעם מעכטיקן גיגאַנט...

## 3

און זייענדיק אויבן, אָט דאָ, אויפן באַרג,
הייבט זיך הויך אויף דיין האַרץ.
פון די נייע דערשיינונגען ווער איך פאַרגאַפּט,
און ס׳גלוסט זיך מיר אויסשרייען הויך אויפן קול:
ווי פריי און ווי שיין!

עס הערט זיך אַ הוזשען און זשוזשען, אַ זעלטענער ווילדער,
און עכאָס=געפּילדער,

די אויערן ווערן פאַרטויבט
פון רוישן און ברומען,
אַ רעטעניש איז עס, פון וואַנען עס קומען
די קלאַנגען, די קלאַנגען,
די אומענדלעכע קלאַנגען! ———

4

טאָל און באַרג, באַרג און טאָל,
באַדעקט מיט די קוסטעס געדיכטע,
די ווילדע, פאַרפּלאָנטערטע וועלדלעך,
דערציילן זיך שטיל אַ געשיכטע
פון דאָס, וואָס האָט פּאַסירט דאָ דורך יאָרן אָן צאָל,
ווי עס האָבן דיביימער מיט חוצפּה־קאַפּריזן
אַריינגעשפּאַרט זיך אָט דוקא צווישן די פעלזנשטיין־ריזן;
ווי עס האָבן אין ווייטן „אַמאָל"
זיך פאַרייניקט, באַהעפט באַרג און טאָל...

5

און אונטן, צופוסנס, ליגט די רוישיקע קאָפּשטאָט,
מיט פאָרשטעט, מיט גאַסן אַ סך,
מיט טורמען, פאַבריקן און גערטנער, מיט טומל אַ שטאַרקן,
נאָר קוקנדיק דאָ פון דער הויך, זעט מיר אויס אָט דער כּרך:
אַ טעפּעך, געוועבט פון פיל קלייניקע צאַצקעלעך־הייזלעך
און מילבעלעך־פּאַרקן.
ס'שיינט דאָרט קיין מענטש און קיין חיה נישט צו עקזיסטירן

טומלט און קלאַפּט דאָרט וויפיל איר ווילט!
דאָ קאָן מען עס נישט הערן, נישט שפּירן,
הבלדיק=נאַרישער טומל
דערגרייכט נישט דעם הימל — — —

דאָ הערשן גאָר אַנדערע קולות,
וואָס גיסן צונויף זיך אין פיינער האַרמאָניע —
אַ הימלשער הימן!
די נשמה צעגייט פון דער זיסקייט,
פאַרחלומט, פאַרשלינגט זי די שטימען.

דאָ ווידמען זיך סודות,
פון אָנפאַנג באַשאַפונג, פון וועלטישער מאַכט,
אָ, ווו איז דער דיכטער מיט פלאַם=פייער גייסט?
צו שאַפן און שפּרייטן פון דאַנען
די שענסטע און האַרציקסטע לידער
אויף ליבע און פראַכט!

**6**

אַט דאָ אויפן וווּנדער=באַרג, וווּנדער=קינד ליב,
וועל איך זיך באַמיען דערפילן דיין שטרעבן,
דיין גייסטיק פאַרגעניגן וועסטו דאָ דערגרייכן,
און ערלעך פאַרדינטע, גרויס כבוד און גדולה
וועל איך דיר איצט געבן.
איך וועל דאָ באַווייזן פאַרווירקלעכן גלענצנד

דיין שטאַרקע אַמביציע: צו ווערן
אויף דער בינע אַ ליכטיקער שטערן.

אויפֿן שפּיץ פֿון די בערג „טוועלף־אַפּאָסטאָלס",
דאָרט מאַך איך דיין דערהויבענע בינע, —
די מערקווירדיקסטע און די רייכסטע נאַטור־דעקאָראַציע,
פֿאַרטונקט אין די סאַמעטענע טונקל־בלאָ רויטלעכע בלומען,
און ביימער ברייטצווייגיקע, פרישע און גרינע,
די קלאָרע לבנה וועט מאַכן די פּראַכטיקסטע אילומינאַציעס.

דיינע אויגן, די זיסע, פֿול לעבן,
וואָס דריקן אויס פּקחותדיקע שאַרפֿקייט,
פֿאַרחלומט הויבס ז אויף זיי צום הימל.

די הענט דיינע העלפֿאַנטביין־ווייס,
דראַמאַטיש פֿאַרשפּרייט, אַזוי ווי געגרייט
צו אָרעמען און טוליען צו זיך, און צו האַלזן
מיט ליבשאַפֿט די ברייט־ברייטע וועלט!...

צעוואַרעמט, מיט טיפֿן געפֿיל, דעקלאַמירסטו
מיט ליבלעכער, זילבערנער שטימע,
אַ לויבונג צו הערן!
און ס׳פּובליקום: איך, מיט די ביימער, די מאַסן,
דיך מיט אַנטציקונג פֿאַרערן,
און מאַכן דיר גרויסע אָוואַציעס:
— „בראַוואָ, זאָל לעבן דער שטערן"!
און הונדערטער בערג־עכאָס הילכן אָפּ הויך:
— „בראַוואָ, זאָל לעבן דער שטערן"!

## 7

און קומסטו אַרויף דאָ, ליב קינד,
פאַרזיכטיק זיי, באַטראַכט יעדן טריט!
פאַראַנען פיל גליטשיקע בערגלעך,
געפאַר לויערט אויף יעדן טריט...
פאַרטריקנטע צווייגן פאַררעטעריש דעקן אַריבער
שרעקלעכע גריבער,
וואָס קוקן דיך אָן, ווען דו נענסט זיך צו זיי,
מיט שוידער און גרויל,
אַזוי ווי די טריב=וויסטע סקעלעט=לעכער ברייטע
פון אויגן און מויל...
אָט ליגט אַ שטיין,
עס דוכט זיך: ער ליגט אַזוי פעסט.
היט זיך! ער ליגט אויף אַ גרוב=ברעג
און הענגט אויף אַ האָר...
און מאַכסטו אַ טעות... דערלאַנגסטו אַ ריר —
פאַלט איין, ווערט צעשמעטערט אַ וועלט...
אַ פינסטערער אָפּגרונט איז אָפן,
געגרייט מיט אַ תהומישן זולל=וסובאשן הונגער,
אין זיך צו פאַרשלינגען אַ וועלט פול מיט לעבן,
פול חלומות, פול ליבע און האָפן...

## 8

און קומט אָן אַ נעפל,
אַזוי ווי אַ קאָלדרע, אַ דיקע,

געוועבט פון אַ פייכטלעכן רויך,
פאַרדעקט דער וועלטס שיין.
און אַלץ פון אַרום און אַרום
ווערט אין אַ חושך פאַרשלונגען...
דער שפּיץ פון „סיגנאַל־באַרג"*) באַלויכטן ווערט באַלד
מיט שטאַרקן עלעקטרישן ליכט,
דאָך קוים וואָס מען זעט עס אין נעפּל, אין שווערן...
צאַנקנדיק שוואַך זעט עס אויס,
אַזוי ווי דער בלייכינקער שיין
פון דעם חלבנעם ליכטל,
וואָס אַמאָל, לאַנג צוריק, האָט מיין רבי
געהאַלטן, שלוכצנדיק שטיל „תיקון־חצות"...

* *
*

און פלוצלונג פון באַרג „דעווילספּיק"**)
טראָגט זיך אָן מיט אַן אימפּעט אַ שטורעם אַ ווילדער,
ער שטויסט און ער שמייסט,
ווי מיט לעדערנע בייטשן אין פּנים,
ער קנאַלט, און ער קרעכצט, און וואָיעט...
עס דוכט זיך: דאָס איז אַן אַלמעכטיק געוויין
פון מיליאָנען געקריוודעטע, אָרעמע נפשות,

*) „סיגנאַל־באַרג" — פון דעם הור־ההר גיט מען סיגנאַלן איבערן גאַנצן באַרג.
**) „דעווילספּיק" — „שדס שפּיל" — אַ נאָמען פון אַ באַרג אויפן „טייבל מאָונטן".

צעטראָטן, באַליידיקט... זיי מאָנען אַ משפּט...
די וועלט וועט זיך שפּאַלטן פון נקמה־געשריי!...

## 9

אויף זיין געזונטן און גאַנץ־ברייטן רוקן
טראָגט דער באַרג מיט געדולד אַ פעלזענע וואַנט,
וואָס וווּנדערבאַר האָט די נאַטור אויסגעבויט,
אַזוי ווי עס וואָלטן דאָס מענטשלעכע האַנט
געשניטן, געפלאַסטערט מיט גוטן גראַניט,
פאַרברייך, מאָזאַאיש.
ס'איז קוים מיט אַן אויג צו דערוואַרפן
צום שפּיץ פון דער וואַנט.
און אונטן טיף־טיף
צעשפּרייט זיך דער ים.
עס מישט זיך דאָרט בלאָקייט
מיט אייביקן שניי־ווייסן שאַם...
מיט כישוף־שיינקייט און אַ מעכטיקייט־אימה
אָנגעפּולט איז דאָ די לופט.
קום, לערן דאָ, מענטש, וואָס עס האָט פאַר אַ ווערט
די מענטשלעכע גבורות און גרויסע באַגערן,
אַנטקעגן נאַטורס מאַכט און פּראַכט! — — —

## 10

אָ, אונטן אַ קוק טו...
ווי שיין איז די ווונדערלעכע פּאַנאָראַמע

פון לאַנגן, פיל־מייליקן שטח,
פון גרין־גרונטיק איידל־געזויבערטער לאַנדשאַפט,
מיט צויבערדיק בונטע קאָלירן באַפּוצט און באַפאַרבן,
קעסטעלעך, קווייטלעך און שטריכן.

דער ים דריקט און טוליעט די ערד צו זיך פעסט
מיט זיינע גראַנדיעזע און קרעפטיקע אָרעמס — — —
ער האַלזט זי מיט ליבשאַפט, צעקאָכט און צערייצט

אויף זיין גיגאַנטישן לייב
זעט אויס „ראָבן־איילאַנד“*)
בישטיק און קליין, ווי אַ פּאַק...

און אין האָריזאָנט,
דאָרט גיסט זיך דער ים מיטן הימל צוזאַמען
אין גליענדער ליבע,
באַגאָסן מיט זוניקע רויט־הייסע פלאַמען,
פילפאַרביקע וואָלקנדלעך שוועבן אַרום דאָרטן גיך,
עס זעט זיך דאָרט צווישן די וואָלקנס אַ שיף,
איינזאַם און עלנט, ווי איך...
אָט ווערט עס קלענער און קלענער,
אָט ווערט עס פאַרשווונדן,
און לאָזט הינטער זיך —
אַ קרייט־בלאַסן שטריך — — —

*) „ראָבין־איילאַנד“ — אַן אינזל, אומגעפער פערצן מייל פון קייפּטאָון.

## 11

...און פון הינטער א וועלדל דאָ, אויבן,
קוקט אריבער מיט גדלות,
א באַרג זייער שלאַנק
און חנעוודיק רונד,
באַוואַקסן מיט ביימלעך, פול בלעטלעך געלבע,
וואָס גלאַנצן, ווי גאָלד.
עס סימבאָליזירט: א רייצנדע יונגפרוי,
שטאָלץ, פריש און געזונט,
א שיינקייט, מיט גאָלדענע צעפּ,
אַזוי פריילעך און פריי!...
עס חברן זיך מיט איר ווינטן,
זי שאָקלט די צעפּלעך און שטיפט...
זי קוקט פון איר הויכקייט אַראָפּ
צו דעם באַרג „לייאָנס העד"*),
וואָס ליגט זיך שטיל, רויִק,
אין שווערע מחשבות פאַרטיפט...

— — — — — — — — — —

און ער, „לייאָנס העד", דאָרטן, אונטן —
זיין לייבן־קאָפּ הויך אויפגעהויבן צו איר...
מיט מעכטיקער בענקשאַפט
האָט זיך זיין לייבן־האַרץ שטענדיק
מיט גבורה צו איר אַלץ געריסן — — —
נאָר פון די גרויסע יסורים, פון לײדנשאַפט פיל

*) „לייאָנס-העד"—לייבן-קאָפּ, אַ נאָמען פון אַ באַרג אויפן „טייבל מאָונטן"

פאַר לאַנג־לאַנגע יאָרן —
אָן האָפנונג זיין ציל צו דערגרייכן,
איר ליבע ווען־ס׳איז צו געניסן —
איז ער פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט געוואָרן!...

## 12

איך שוועב דאָ באַגייסטערט אַרום,
פאַרשיכורט פון שטאַרקייט און פרישקייט פון לופט,
און ריחות געשמאַקע,
וואָס ווינטעלעך קילע צעבלאָזן.
ס׳פאַרנאַרן מיך בערגלעך זיגזאַגיק און קרום —
איך ווער צווישן זיי דאָ פאַרשלאָסן...
איך בלאָנדזשע און בראָדזשע ביז איבער די קני,
אין דיקע, פאַרקאָלטנטע גראָזן,
פון משונהדיקע פאַרבן:
רויט־געלבלעך, ברוין־גרינלעך,
געפאַרפלט, ווי האָר פון אַ „זולו“*),
געקרייזלט אַזוי ווי מערינאָ־שעפס־וואָל,
נאָר האַרטלעך פאַרפלאָנטערט...

אַ שפע פון צונטער צעפלאַמטע „פּראָטעיעס“**)
און בלאָלעכע, סאַמעטענע „פּאַפּעס“***), „באַבאַניעס“****).

---

*) „זולו“ אַ קאַפיר־שבט.
**) „פּראָטעיעס“— צונטער־רויטע בלומען.
***) „פּאַפּעס“—בלויע בלומען, גלאָק־פאָרמיק.
****) „באַבאַניעס“—בלויע בלומען.

און וואַנדערפֿול וואַקסן דאָ זילבערנע בלעטער,
אַזוי ווי פֿון פֿאַרמעט געמאַכט,
באַצויגן מיט דינלעכן, ווייסלעכן מאָך,
און ס'ווערט נישט פֿאַרוועלקט,
ס'בלייבט ווינטער, ווי זומער,
פֿול פֿרישקייט און פּראַכט — — —
— — — די בלעטער! זיי זענען אַ טרייסט מיר
אין עלנטן בלאָנדזשען און זוכן אַ וועג...
צווישן די שפּיציקע שטיינער,
און אָפּגרונטן טיפֿע, אָן ברעג,
וואָס האָבן אַרום מיר פֿאַרשלאָסן פֿאַרצויגן — — —
— — — כ'וועל זיצן אין שאָטן פֿון שטאָציקן שטיין,
זיין קאָפּ איז אויף פֿאָרנט פֿאַרבויגן
אַזוי ווי אַן אָפּדאַך, אָפּרוען וועל איך מיך דאָ.
און איך וועל אויף די זילבערנע בלעטער לידעלעך שפּינען,
אַ ווינט וועט עס אפשר פֿאַרטראָגן,
און ס'וועלן עס מענטשן געפֿינען...

## 13

אַ חשובער פּאַבל־טאָל, ווייט אויפֿן באַרג, איז פֿאַראַנען,
וואָס אָטעמט מיט פּראַכט פֿון אומשטערבלעכקייט־גדלות גאָר,
די פֿעלזן, מאָנימדיקע, ריזיקע, זעען אויס, ווי מאָנומענטן
פֿון אַלטע, פֿאַרגאַנגענע לעבנס, פֿון אַנדערע וועלטן.

אָ, וואָס פֿאַר אַ כּוח האָט דאָ אַזוי הויך אויפֿגעהויבן
די פֿעלזן, די גאָר אָן אַ שיעור שווער־געוויכטיק,

און פינקטלעך אין אָרדנונג געלייגט זיי פּיין איינס אויפן צווייטן
אַזוי ווי אַ מויערער — ציגל אויף ציגל לייגט ריכטיק?

און אויף גאָר דעם אויבערשטן פעלז האָט דער זעלביקער כּוח
פון ברוינלעכן שטיין דאָרט אַ בלום־טאָפּ אַ שיינעם געפאָרמט,
און ס׳וואַקסט אינעווייניק געראָטן אַ „כאַרן־בוים*) ברייטלעך,
כאָטש פעלז איז אין וואַסער אַזוי שטאַרק פאַראָרעמט...

אַנטקעגן, אויף מאַרמאָר־פעלז־טרעפּ, וואָס נאַטור האָט געבויט,
דאָרט וואַקסן די ליבלעכע „קאַן־ני־דויד״**)־בלומען אין סאַכן,
זיי ווינקען פריי־פרײלעך צום „כאַרן־בוים״ דאָרטן אַנטקעגן,
מיט בלומישן פלירט־ווונק... זיך רויטלענדיק חניק — און לאַכן.

נאָר גאַוהדיק ערנסט און בייז אָנגעבלאָזן, פאַרשוויגן,
נעמט „כאַרן־בוים״ גאָרנישט קיין אַכט פון די לאַכיקע בלומען,
זיין בליק איז געווענדט מיט אַנטציקונג צום טאָל־ברעג,
ווו אייביקע קוואַלן זיך שפּאַרן און קלאַפּן און ברומען...

* *

*

דורך שפּאַלטן פון פעלזן, ווי ברייט־אויפגעעפנטע פענסטער,
די שניי־ווייסע שטראָמען אָן סוף מיט אַ ליאַרם זיך גיסן,

---

*) „כאַרן־בוים״ — אַ פעדים־בוים, אַ מין ריזן־סטאָלעטניק, וואָס וואַקסט אָן וואַסער. זיינע אומגעהויערדיקע און גרויסע בלעטער אַנטהאַלטן פעדים.

**) „קאַן־ני־דויד״—(אומשטערבלעך) רויטע בלום, וואָס וואַקסט אָן וואַסער

ווי וואַשן אָפּ פּיין און פּאָלירן די פעלזן און שטיינער,
ציען זיך ווייט, אין אַ זילבערנעם טייכל פּאַרפּליסן.

דאָס זילבערנע טייכל איז קלאָר און שלענגלט זיך גלאַנציק
עס הויבן זיך וואַלכעלעך ווייסע און פּליוסקען און שפּילן,
און בורבלען, און שפּרודלען, און מורמלען אַ לידל —
אַ „הלל" אויף די וווּנדער פון געטלעכן באַרג, אין דער שטילן.

(געדרוקט אין לאָנדאָנער „יידישע פּאָסט"
און עטלעכע קאַפּיטלעך — אין „דרום־
אַפריקע" און אין „טריבונע").

# ק אַ ר ו*)

## 1

און פילט זיך דיין האַרץ, ווי געפּרעסט, עפּעס ענגלעך,
געפינסט פאַר דיין גייסט נישט קיין רו,—
דאַן לאָז זיך אַוועק אויף אַ לאַנגן שפּאַציר־גאַנג
אין ברייט־האָריזאָנטיקער „קאַרו".

און עפן די אויגן פאַנאַנדער, דאַן זעסטו,
אפילו אין מדבר, מיין פריינד,
ליגט שיינקייט באַהאַלטן, און קוקסטו זיך צו נאָר —
אַ מופת־פראַכט אָפּט דאָרט דערשיינט...

דער הימל דערהויבט זיך דאָרט העכער און ריינער,
און בלאָער איך, ווי אומעטום,
אַ זעלטענע גרוימקייט, פריי־ווילדלעכע ווינטלעך
פאַרכאַפּן דיך אַרום און אַרום...

אַ לוסטיקע זון נעמט דיך איבער מיט פריידן,
ליב־וואַרעם אין פּנים דיר קריכט,
מיט גליענדיקע בליקן דיין אומעט פאַרטרייבט זי,
און וואַשט דיך מיט שטראָמיקן ליכט.

*) אַ געגנט אין קאַפּלאַנד, האַלב־מדברדיק.

עס שימערט אַנטקעגן דער זונס שפּע־פלאַמען
יעטוועדער היגל און שטיין,
די פעלדער, די ברייטע, מיט גאָלד אָנגעגאָסן,
עס גלאַנצן די בערג גרויס און קליין.

עס בלאַנקען אפילו די טרוקענע, ברוינע
„קאַרו־בוש"*), וואָס זענען פאַרשמאַכט...
פאַרשידענע ווערעמלעך, פעלד־קעצלעך, העזלעך
צעגליען אין זוניקער פּראַכט!

און פלוצלונג דערשיינט אויף די זון אין דיין האַרצן,
עס רויטלט זיך, ס'שטראַלט דיין געזיכט.
און אין אַ שטימונג, אַ פרייע, געהויבן
שוועבסטו אין שפּע פון ליכט.

## 2

און צווישן די ברייטע, אומענדלעכע בערג,
דאָרט ציט זיך אַ ווייסלעכער, זאַמדיקער וועג,
וואָס־ווייטער אַלץ־שמעלער,
ס'פאַררוקט זיך צווישן ריזיקע בערג,
וואָס ליגן זיך אויסגעשפּרייט ברייטלעך,
ווי מעכטיקע, אור־אַלטע חיות,
מגושמדיק, שטאַרק־אומגעלומפּערט,
מיט רוקנס, געהויקערט פון אַלטקייט,
באַזאָטלט מיט וואָלקנס מאַסיווע,

*) אַ וווּנדערבאַר גראָז, וואָס באַהאַלט אין זיך אַן אייביקע פייכטקייט
אפילו אין די גרעסטע טריקענישן.

בעבויגן פון שווערסטע דערפאַרונגען=משא,
געלאָדן מיט מעשיות פון דורות אַ סך,
וואָס זענען צערונען, צעגאַנגען,
ווי וואָלקנדלעך קליינע...
סודות פון גרויסע געשעענישן,
וואָס האָבן פּאַסירט דאָ,
פון מוראדיקע ריזן=באַשעפענישן,
וואָס האָבן פאַרצייטנס געלעבט און געהערשט דאָ
מיט שטאַרקער באַוועגונג
אַרום די דאָזיקע בערג,
באַר ווייל זייערע הערצער זענען פּראָסטיק געוועזן,
אייז=קאַלט, אָן געפיל,
זיי האָבן קיין ליבע נישט פאַרמאָגט —
דערפאַר זענען זיי מיט דער צייט
פאַרניכטעט, פאַרשוווּנדן געוואָרן...

* *
*

און ווייטער: אַ באַרג אויף אַ באַרג,
בערג, בערג, בערג!
צוזאַמענגעפלאָכטן, געהויבן, געשפּיצט,
ווי טורעמס אי גרויסע, אי קליינע,
אי קרומע, צעקאָרטשעטע, גראָבע,
אי געצירקלטע, גלאַט, ווי געהובלט.
און אונטן, פון הינטער די דאָזיקע בערג,
שלענגלט זיך אַ טייכל אַרויס,

עס ציען זיך סטאַדעס שעפּסלעך אַהין
דורשטיקע, זוכנדיק וואַסער.
זיי לויפן און שפּרינגען אין וואַסער אַריין,
מיט אימפּעט געאײַלט.
דאָס ווייסלעכע זאַמד פונם ברעג פונם טײַך
צעבריקט פון די שעפּסענע פיסלעך,
הייבט אויף זיך מיט רוגזה,
מיט אַ פּראָטעסט אינדערהויך —
אַנטקעגן דער סטאַדעשער חוצפּה,
וואָס האָט אים צעטראַמפּעלט, צעטראָטן — — —
מיט וווּט הייבט זיך אויף דאָס צעטראָטענע זאַמד...
עס ווערט אַ גאַנץ דיקער, אַ טונקעלער רויך,
עס רײַסט זיך אין וואָלקן אַרײַן...

* * *

עס קומען צום וואַסער דאָ אײזעלעך, מיד,
פאַרהאָרעוועט, שטיל, מיטן קאָפּ צו דער ברוסט,
מיט שטייפלעכע פיס קריכן זיי לאַנגזאַם אַרײַן
אין וואַסער, אין קילן, ביז איבער די קני,
און טרינקען מיט גרויס הנאָה.
עס דוכט זיך, זיי ציען אַרײַן
דעם גאַנצן טײַך וואַסער אין זיך,
אַ פאַסטוך, אַ שוואַרצער, קומט אָן טריט בײַ טריט,
האַלב-נאַקעט אין שמאַטעס געקליידט,
אין איין האַנט אַ שטעקן, אין צווייטער אַ בײַטש,

די בייטש פאַר די שעפּסלעך, דעם שטעקן—פאַר אַ שלאַנג,
באָרוועסערהייט קריכט ער דורך דורכן זאַמד,
און לייגט זיך אַוועק אויף אַ פּלאַציקן שטיין,
אין וואַסער דאָרט, נעבן די אייזלען,
און טרינקט מיט גרויס חשק.
חבריש קוקן די אייזלען אים אָן
מיט אויגן באַטריבט און פול אומעט.
עס דוכט זיך: זיי קוקן אויף אים מיט רחמנות,
אַזוי ווי זיי וואָלטן אים וועלן אַ זאָג טון:
אָ, פאַסטוכל שוואַרצער!
דיין לעבן איז אויך אַזוי שווער, ווי אונזערס,
אויך אַזוי ביטער און אָרעם,
מיר ווערן צוגלייך אויסגעמאַטערט אָן תכלית,
דו ביסט אַזוי עלנט, ווי מיר! — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

און ס'עפענען זיך ברייט באַלד די אייזלשע מיילער,
און זיי שרייען זיך פאַנאַנדער מיט גרויסן געפילדער,
און עס שניידט זיך דורך דער לופט זייער ווילדער געשריי.

(געדרוקט אין „טריבונע", יאָהאַנעסבורג)

# גאָטספּאָרכטיקער לוקאַס

האָט געלעבט אין שטאָט מאָרדאָווגא,
אין דעם בלוטיקן לאַנד אוקריינע,
איצל גוטמאַן, אַ באַקאַנטער,
גרויסער סוחר, רייך געווען,
און אַ באַלעבאָס אַ פיינער.
נעבן אים, אין נאָענטער שכנות,
האָט געוווינט אַ גוי, זיין נאָמען:
לוקאַס נאָזני. נאָר אַ גוטער
און אַ פרומער איז געווען
אָט דער שכן, שווער געאַרבעט,
אָנגעזען ביי אַלע בירגער,
און ביי דער קירך, און ביי זיין גלח,
איבערגעגעבן צום גלויבן,
צוגעטון אַזוי צו דער ביבל,
יעדעס וואָרט געהאַלטן טייער,
און נישט אויפגעהערט צו רעדן
פון זיין יעזוסן, אַפּאָסטאָלס,
פונם הייליקן גייסט נתפעל.
„פרומער, גאָטספּאָרכטיקער לוקאַס",
האָט מאָרדאָוונאַ אים גערופן.

האָלט געהאַט זיין שכן איצלען
האָט דער פרומער, גוטער לוקאַס,
לאַנגע יאָרן האָבן ביידע
אָפּגעלעבט אין שלום, אחדות.
אָפט פלעגט זאָגן לוקאַס: „הער נאָר,
איצל! אין מיין האַרצן ליב איך
אַלע יידן, ווייל זיי האָבן
אונז געגעבן אונזער ביבל,
וועלכע איז געשמאַק צו לערנען,
ליב און טייער, זיס, ווי האָניק!
זע נאָר, איצל, זע, אפילו
אונזער הייליקער משיח
קומט דאָך אויך אַרויס פון יידן" — — —
נו, פאַרשטייט זיך, אַז אַן עברי
הערט אַ ווערטעלע אַ גוטס
פון אַ גוי, גייט אויף זיין האַרץ באַלד,
ווערט פון נחת אָנגעקוואָלן,
און ער ליבט אים אויף אַן אמת!
פלעגט דערפאַר טאַקע רב איצל
האַלט האָבן דעם פרומען לוקאַס,
און בכּבודיק אים באַהאַנדלען,
און אים שענקען אָפט מתנות.
און אויך איצלס ווייבל, שרה,
וואָס ט׳געהאַט אַ האַרץ, אַ גאָלדנס,
פלעגט שוין לוקאַסעס פאַמיליע
זיין מהנה כּדבעי
פון די טייערע געריכטן

יידישע מאכלים אַלע.
שבת — חלה, צימעס, קוגל,
חנוכה — די פעטע לאַטקעס,
פורים — המן־טאַשן פיינע,
פסח — רויטן ווײַן און מצות,
שבועות — „לעבעדיקע" בלינצעס,
און הושענא־רבה — קרעפּלעך,
וואָס אין שמאַלץ האָבן זיך געבאָדן,
ברוין און ווייכע נאָר אַ לאָבונג!
און באַצאָלן פלעגט דער לוקאַס
אונזער איצלען, ווי געוויינלעך,
מיט די פיינע קאָמפּלימענטן,
און מיט לויבונגען און דאַנקען.

* *

*

נו... אין יענער צייט דער בייזער
פון בלוט און טויט און פייער,
ווען עס האָבן די אוקריינער
זיך צעלאָזן ווילדע, בייזע,
ווי די בלוטדורשטיקע חיות
אָנגעפאַלן אויף די יידן,
וואָס געוועזן זענען הפקר.
גאַנצע מחנות שוואַרצע שדים
האָבן הייליקע אוקריינע
מיט דעם יידישן בלוט באַגאָסן,

נישט געשאָנעוועט קיין זקנים,
אויסגעקוילעט אָן רחמנות
פּיצלעך קינדער, ווי די לעמלעך,
יידישע טויטע — זיך געוואַלגערט
אָן אַ צאָל און אָן אַן ערך
אין די הויפן, אויף די גאַסן,
אויפן מיסט און אין די שטאַלן,
אָט אַזוי ווי טויטע פליגן! — — —
לויפט דער ייד מיט זיין פאַמיליע
צו דעם לוקאַסן דעם פרומען,
בעטן, ער זאָל זיי באַשיצן
פון די ווילדע, בייזע גוים.
זאָגט דער גוטער, פרומער לוקאַס:
„נו, געוויס! ווי דען־זשע? קומט־זשע,
קומט אַריין צו מיר אין קעלער,
כ'וועל אייך דאָ שוין גוט באַהאַלטן,
ביז די שרעקלעכע באַנדיטן
וועלן אונזער שטאָט פאַרלאָזן!"
...ליגט אין קעלער איצל גוטמאַן
און פאַמיליע, און זיי קלאָגן
שטילערהייט... און הייסע טרערן
ווערגן, שטיקן זיי די העלזער,
און אין ביטערע געוויינען
דאַנקען זיי דעם גאָט, דעם ליבן,
אָט דעם גאָט פון חסד, רחמים,
וואָס'ט גענאָדיק צוגעשיקט זיי
אַ רפואה פאַר דער מכה,

און געגעבן זיי דעם לוקאַס,
וועלכער פול איז מיט רחמנות,
און ער איז פאַר זיי אַ מלאָך!...

*  *
*

נאָר אין מיטן דרינעו, הערט נאָר,
קומט אַריין דער פרומער לוקאַס,
האַלט אין האַנט אַ לאַנגן מעסער,
זאָגט צו איצלען: „ווייסטו, איצל? —
כ'האָב באַשלאָסן איך צו קוילן!" — — — —
— „לוקאַס ליבער, פריינד און חבר,
ס'טייטש, וואָס רעדסטו? ווי געשען אונז!
אָדער מאַכסטו גאָר געלעכטער?
אָ, ווי קענסטו איצטער שפּאַסן,
ווען דאָס יידיש בלוט אינדרויסן
גיסט זיך הפקרדיק, ווי וואַסער?
אָ, ווי קענסטו דאָס? מיר זענען
דאָך צעבראָכן און דערשלאָגן!
און דיין שפּאַס איז אונז סכנות!"
ענטפערט לוקאַס: „ניין, איך מיין עס
טאַקע אויף אַן אמת, איצל".
— „לוקאַס, ס'טייטש, מיר זענען פריינד דאָך,
האָבן מיר דאָך לאַנגע יאָרן
אָפּגעלעבט אין גוטן פרידן,
און פאַרשטאַנען זיך, געליבט זיך.

וואָס איז פּלוצלינג דיר געוואָרן?
האָסטו גאָרנישט קיין רחמנות?"
ענטפערט לוקאַס: „יאָ, איך ווייס עס" —
און פאַרטראַכט זיך ביי די ווערטער,
בלייבט אַ ווײַלע שטיל און רויִק,
און זיין קאָפּ אַראָפּגעלאָזן,
קראַצט זיין קליינעם, שמאָלן שטערן,
מיט זיין לינקער האַנט, דער גראָבער. —
„יאָ, איך ווייס עס, ביסט מיר פריינדלעך
אַלעמאָל געוועזן טאַקע,
יאָ — איך האָב מיין גאָט אין האַרצן...
כ'בין אַ קריסט, אַ גוטער, פרומער,
און כ'וואָלט וועלן זיך דערבאַרמען
אויף דיין ווייב און אויף די קינדער,
און אויף דיר אַוודאַי, איצל,
אָבער ס'איז ביי מיר באַשלאָסן —
כ'מוז אייך אַלעמען דערהרגענען — — — —"

— „לוקאַס, ביסט אַ גאָטספאָרכטיקער,
און אַן ערלעכער גוי, אַ גוטער,
האָסט געלערנט גוט דיין ביבל,
ווייסט, וואָס שטייט דאָרט געשריבן
פון די הייליקע פאַרפאַסער:
„וואָס דו ווילסט נישט, מען זאָל דיר טון
טו דאָס נישט, אָ, צו דיין שכן!"
ווייסט דאָך, ווי גאָט האַסט אַ מערדער,
און ווי ליב ער האָט רחמנות.

לוקאַס, פּלעגסט דאָך זאָגן תּמיד,
אַז דו האָסט אַזוי האָלט יידן,
ווייל די יידן האָבן דיר דאָך
ביבל און אַ גאָט געגעבן!...
לוקאַס, נעם זיך דאָס צום האַרצן,
זאָל באַוועגן דיר דער עלנט,
אונזער טיפער צער און ווייטיק,
און באַגיי נישט די רציחה.
אויב דו וועסט אונז דאָ דערמאָרדן,
וועסטו האָבן שטאַרק חרטה!
אונזער בלוט פון אונטער דר׳ערד וועט
הויך אַרויסשרייען, ביז הימל!
אונזער קלאָג־געשריי וועט שניידן
אין דיין האַרץ און אין דיין מוח,
און ס׳וועט טאָטשען דיך און פּרעסן,
און ס׳וועט גריזשען דיין געוויסן,
ביז וועסט ווערן מרה־שחורה,
ביז אַ שוואַרצע משוגעת
וועט באַפאַלן דיך! אין טויט־שרעק
וועסט דיין פלייש און האָר זיך רייסן,
און וועסט ליידן העל־יסורים,
שטענדיק וועט פאַר דיינע אויגן
אונזער בלוט הויך שפּריצן, שרייען:
„שמאַך, דו, רשע, פריינט־באַטריגער,
צאַפּל זיך און לייד, פאַררעטער!״ — — —

ברומט אויס לוקאַס, שוואַכלעך, קינדיש,
אויגן גלעזערנע, האַלב אָפן,
אָנקוקנדיק תמעוואַטע,
קאַלטבלוטיק און מיט אַ מינע,
אַזוי ווי גאָט נשמה שולדיק,
צופנדיק זיין וואָנצעס-קאָלטן
מיט זיין לינקער האַנט, דער גראָבער:
— „כ׳ווייס, איך טו אַ גרויסע עוולה,
און איך פיל, ווי ביטער איז אייך,
כ׳פיל אַוודאי, ווי ס׳איז שווער אייך,
און די שרעק, וואָס איר לעבט איבער...
אָבער כ׳קען אייך גאָרנישט העלפן,
ווייל איך האָב אַזוי באַשלאָסן.
סוף-כל-סוף זייט איר דאָך יידן,
סיי-ווי-סיי זייט איר דאָך הפקר,
אַלע הרגענען אייך, און נעמען
גוטס און האָב פון אייך, און קריגן
אייער רייכטום און פאַרמעגן;
ס׳לוינט זיך גוט זיי אייך צו מאָרדן;
און מען טוט עס פריי און אָפן,
טאָ פאַרוואָס זאָל איך נישט טון דאָס? — — —
יאָ, איך האָב אויף אייך רחמנות...
אָבער קוילענען אייך מוז איך!״

*

און דער גוטער, גאָטספּאָרכטיקער,
פֿרומער לוקאַס, האָט זיך האַסטיק,
מיט זיין לאַנגן, שאַרפֿן מעסער,
אויף די אומגליקלעכע נפשות,
מיט רציחהדיקן אימפּעט,
ווי א חיה אַרויפֿגעוואָרפֿן,
און זיי אַלעמען דערהרגעט.

(געדרוקט אין לאָנדאָנער „יידישע פּאָסט“:
„גאָטספּאָרכטיקער יאַשעק“).

# צווישן כוואַליעס

## 1

און לאַנג, אָן אַ סוף, איז די ברייטע אַלייע
פון פּאַלמען, גאַנץ הויכע, אין טאָפּלטער שורה,
ביים ברעג פונם חשובדיק אַלטן עפּראַטעס,
אין בבל־מדינה, אין בלומען־שטאָט סוראַ.

די ברייטע, געדיכטע פּיל צווייגן, לולבים
פאַנאַנדערגעשפּרייטע הויך, אויבן, אין סאַכן,
צוזאַמענגעפלאָכטן, צוזאַמענגעוואַקסן,
די לאַנגע אַלייע באַדעקן, באַדאַכן.

דער זילבערנער שטראָם, וואָס באַוואַסערט די ביימער,
צעבורבלט זיך הילכיק, מיט פליסיקן פריידן
פאַלט עס אַריין אין פילפאַרביקן גאָרטן
פון אַלערליי בלומען. אַן עכטער גן־עדן!

ס'איז קוים צו באַמערקן דאָס שמאָל־ווייסע שטעגל
צווישן דער שפּע פון גראָז, הויכע, גרינע,

וואָס פירט צו דעם פּאַלאַץ פון זיראַ שאַרגאַדו,
דער רייכסטער אין סוראַ, אין בבל־מדינה.

ביים זייט פונם פּאַלאַץ אַ ווייגאָרטן ציט זיך
פון אַלטע און דיקע, צעקרימט־אויסגעדרייטע,
באַלאַדענע ווינשטאָקן. ס׳שטייט דאָרט אַ מיידל
און שניידט אָפּ פון צווייגן די ווינטרויבן רויטע.

זי לייגט זיי אין אַ קערבל פון לולב געפלאָכטן,
צופרידן באַקוקט זי די זאַפטיקע פּירה.
און לייגט עס אין מיילעכל. און זינגענדיק ליבלעך,
נעמט ווייטער זיך פּאַקן אין קערבל, צפורה.

צפורה, די טאָכטער פון זיראַ שאַרגאַדו,
איז אַלט אַ יאָר אַכצן, עס שיינט אויף איר צורה
די זוניקסטע פרייקייט. די גרויסע און קלאָרע,
צעפלאַמט־שוואַרצע אויגן באַוואונדערט גאַנץ סוראַ.

צוליב אירע האָר, די פּעך־שוואַרצע און לאַנגע,
רופן זי „ניקאָטיס" אי גויים, אי יידן —
דער נאָמען פון בילד־שיינער מלכה, פון גרויסן,
אַלט־בבלשן, מעכטיקן מלך נאַהידן.

נאָר זיראָס אַ פריינד, וואָס איז אים האַרציק נאָענט,
און שרייבט שיינע לידער — עקביה בר עולאָ —
פאַרגלייכט זי אין פערזן מיט שלמהס שולמית,
צוליב איר פיגור און איר שיינקייט, די פולע.

צוליב אירע צייַן, די ווייסע, געזונטע,
איר צאַרט־געטאָקטן האַלז, ווי דעם בבל־גאָטס „דוזשי״*)
די בריסט אירע יונגע, ווי צוויי לעגענדאַרע,
הימלשע בערגלעך פון פייער און קדושה...

פון הינטער געקוסטעטע פייג־ביימער דיקע,
שפרינגט העלדיש אַרויס אַן אַראַבער אַ הויכער,
ברייטפלייצעדיק, קרעפטיק. דערזעענדיק צפורהן,
זיין טונקל־ברוין פנים ווערט מילדער און בלייכער.

ער וואַרפט זיך צו איר אויף די קני מיט הכנעה,
דער העלדישער, שטאַרקער אַראַבער, דער שלאַנקער,
און זאָגט: „אָ, צפורה, איך קום צו דיר ווידער,
פון מעכטיקער ליבע אַ יאושדיק קראַנקער!״

— „אָ, איבן רומאָכיס!״—קלינגט האַרטלעך איר שטימע־
דו ווייסט דאָך, אַז ס׳קען נישט אין לעבן פאַסירן...
איך זאָג דיר, דו וועסט אויף דיין ליבע־דערקלערונג
אומזיסט דיין באַמיִונג און כוחות פאַרלירן״.

— „צפורה! די ווערטער מיר שניידן אין האַרצן,
אַזוי ווי די שאַרפע, פאַרגיפטעטע פיילן,
ווי אייז איז דיין האַרץ אַזוי קאַלט, און ס׳איז האַרטער
פון ביילס**) אַלטן טעמפּלס די מאַרמאָרנע זיילן!״

*) אַן אַלט בבלשער גאָט.
**) אַן אַלט בבלשער גאָט.

„ווי קענסטו עס בלייבן פאַרטויבט צו די תּפילות
און האַרציקע ליבע=תּחנונים, וואָס כ׳גיס דיר?
ווי קענסטו עס גלייכגילטיק צוזען מיין עלנט,
ווען ס׳פאַלט מיין נשמה פאַרקלאָגט צו די פּיס דיר?"

— „אָ, איבּן רומאָכיס, כ׳האָב לאַנג דאָך געפּרוּווט שוין
צו קילן מיט שכל דיין האַרץ, דעם צעבּרענטן...
דערווייטער פון מיר זיך, אין דעם ליגט דיין רעטונג,
מיר זענען באַזונדערע צוויי עלעמענטן.

דו, איבּן רומאָכיס, געהערסט צו דעם שטאַרקן,
באַצווינגערישן יסוד, וואָס מיט וואָפן
באַהערשט, און פאַרשקלאַפט מיט אַ מאַכט פול נגישות
מיין פאָלק, דעם פאַרפּייניקטן, אָרעמען, שלאַפן.

וואָס ציטערט און פלאַטערט פאַר יעטוועדן רשע,
פאַר יעדן מנוּוולס אַכזריות=קאַפּריזן.
און כ׳האָב מיין פאָלק האָלט און פאַרדאַם זיינע שונאים,
וואָס האַלטן געגרייט פאַר אים האַס און טויט=שפּיזן".

— „דו, שטאָלצע צפּורה, דו קענסט נישט קיין ליבע,
וואָס עס פאַרדעקט אַלע פעלער, חטאים;
די אמתע ליבע איז ברייט, ווי דער הימל,
וואָס טיילט נישט פאַנאַנדער קיין יידן פון גויים...

איך האָב מיך געפּרוּווט דיך פאַרגעסן, צפּורה,
אַפילו פאַרלאָזן מיין הויז און פאַרמעגן,

איך האָב מיך געוואָרפן אין ביטערן יאוש,
אין וויסטע מדבריות, אויף שרעקלעכע וועגן...

איך בין קאַפּיטאַן פון פיל רויב־שיפן שטאַרקע,
עס דינען מיך תמיד געטריי, אונטערטעניק
די הונדערטער קנעכט, גאַנצע מחנות מאַטראָזן,
מען רופט מיך: „דער מעכטיקער ים־רויבער־קעניג",

און אוצרות פון זילבער און גאָלד און בריליאַנטן
האָב איך מיט מיין העלדן־מוט גרויסן דערוואָרבן,
דאָס אַלץ אָבער היילט נישט מיין האַרץ קראַנק פון ליבע,
אָן דיר איז עס גוסס, כמעט ווי געשטאָרבן.

און זענען מיר דען קיין גלייך פּאָר נישט, צפּורה?
האָבן מירביידע דען זיך נישט דערצויגן
אויף בבלשער ערד די באַליבטע צוזאַמען,
צוגלייך פון איר וונדער־זאַפט־לופט נישט געזויגן?

די בבלשע אַלטע און שיינע לעגענדן,
דאָך זענען משפּיע צוגלייך אויף אונז ביידן...
מיר טרעטן אין זעלביקע שטעגלעך צוזאַמען,
אין איין שפּראַך דאָך טראַכטן מיר, זינגען און רעדן.

פון וואַנען־זשע קומט עס דיין קאַלטקייט און פרעמדקייט
פון מיר מיט פאַראַכטונג זיך גאָר אָפּצוקערן,
מיך ווייט צו פאַרשטויסן פון דיר אָן רחמנות,
און מיינע דערקלערונגען גאָרנישט צו הערן?"

— „אָ, שטאַרקער, געוועלטיקער, איבן רומאָכיס,
אַ שרעקלעכער תּהום ליגט אונז ביידן צווישן —
דער אייביקער וועלט־האַס צום אייביקן וועלט־פֿאָלק,
אין רגע פֿון תּאווה, דאָס ווילסטו נישט וויסן...

קוים אָבער דערגרייכסטו דיין ציל נאָר, רומאָכיס,
קוים וועסטו די ליידנשאַפֿט דיינע נאָר שטילן,
דערוואַכט אין דיר באַלד אָט דער פֿיינטלעכער אדום,
באַהערשן דיר נבוזראַדן־געפֿילן.

מיין איינציק גליק, וואָס צוזאַמען מיט שׂכל
צו הילף קומט מיר אויך דער קשה־עורף פֿון יידן,
אומזיסט איז דיין רעדן, אומזיסט איז דיין טענהן,
צעשייד זיך, פֿאַרגעס מיך, און מוזט זיין צופֿרידן".

—„איך גיי!"—שרייט אויס איבן רומאָכיס מיט ווייטיק.
„געדענק אָבער, מיידל, פֿון קופּער און אייזן,
איך בין נאָך נישט פֿאַרטיק... דו האָסט נאָך פֿאַרגרעסערט
מיין קאַמף צו געווינען דיך! כ'וועל עס באַווייזן!"

**2**

פֿאַר זונאונטערגאַנג, אין דער בבלשער סוראַ,
דער טאָג איז געווען אַ הייסער, ווי פֿייער.
פֿאַרזינקט איצט די זון אין צעבלוטיקטע וואָלקנס,
די וואַרעמע לופֿט ווערט איצט מילדער און פֿרייער.

עס לאָזן זיך מחנותוויליז סוראַשע בירגער
צו זייער באַליבטן עפּראַטעס, דעם קילן,
און שפּרינגען אין וואַסער, באַלעבט מיט הנאה.
זיי שווימען און שטיפן און לוסטיק זיך שפּילן.

צען יידישע בחורים פון דער ישיבה,
געזעצטע און קרעפּטיקע, הויך, ווי די צעדער,
ברוין־פּנימדיק, לעבנספול, פלינק און באַוועגלעך,
מיט צאַרט־ווייסן סודאַר*) איז צוגעדעקט יעדער.

דער העכסטער און שענסטער פון דאָזיקער חברה
איז משה בן־חנוך, דער באַליבטסטער און בעסטער
בעל־תורה אין גרויסער ישיבה פון סוראַ
אין מידות—דער פיינסטער, אין חכמה—דער גרעסטער.

אויף משה בן־חנוך זאָגן גדולים נביאות,
אַז גאון אין נאָענטער צוקונפט זיין וועט ער.
חברים אים גיבן אָפּ כבוד, זיי פילן
אויף זיכער, ער׳ט זיין זייער רבי ווען שפּעטער.

און וואונדערבאַר־שיין איז ער און אַ בעל־כוח.
די חברים אים זאָגן: „אין גוף און אין צורה
צום תנא רב יוחנן ביסטו געגליכן,
צום תנא ריש־לקיש גלייך ביסטו אין גבורה“.

*) אַרבעטער־מאַנטל.

די צען יונגעלייט צו דעם טייך=ברעג דערגרייכן,
צווישן די טראָשצן איןביידל, אין רונדן,
טוען זיך אויסעט. פון דאָרט אין שטראָם שפּרינגען
און שווימען, און ווערן אין ווייטקייט פאַרשוואונדן.

צוריק קומט זיי אָנעט דאָס שווימען פיל שווערער,
מיט קרעפטיקע אָרעמס צעשפּרייטע, צעשלאָגן,
צעשניידן זיי ס'וואַסער. אויף רוישיקע וואַלן
דאָרט ווערן זיי הויך אויפגעהויבן, געטראָגן.

זיי קומען צום טייך=ברעג דערפרישט און געריוויטלט,
כאָטש מידלעך פון קאַמף קעגן שטראָם=מאַכט, דעם שווערן,
זיי רוען זיך אָפּ דאָרט, צווישן די ביימלעך,
און זענען געגרייט שוין אַהיים זיך צו קערן.

פון איבער אַ שטיינערנער וואַנט אַ גאַנץ אַלטע,
פון עפּעס אַ טעמפּל אַ זכר, אַ סימן,
וואָס שטייט העלפט אין וואסער און העלפט אויפן טייך=ברעג,
דערטראָגט זיך אַן אָפּקלאַנג פון פרויענשע שטימען.

אויף יענער זייט גרין=אַלטער וואַנט, די באַמאָכטע,
אויף שטיינערנע טרעפּ האַלב אין וואַסער פאַרזונקען,
דאָרט באָדן זיך פרויען, זיי לאַכן און ליאַרמען,
און שוועבנדיק פלוסקען זיך, שווענקען זיך, טונקען.

עס זעט זיך פון דאָזיקן באָד=אָרט פאַר פרויען,
אַרויס איז געקומען אַ מיידל אַ שיינע —

צפורה, די טאָכטער פון זירא שאַרגאַדו,
אַזוי ווי אַ שוואַן, אַ פריש־צאַרטע אַ ריינע.

זי גייט מיט צוויי דינסטן, זיי לאַכן צוזאַמען,
אין בלומען־טאָל לאָזן די דריי זיך אַרונטער
צו קומען אין טייטל־אַלייע אַהיים־צו,
עס קומט אָן אַ רייטער אַ הויכער געזונטער.

פון אונטער אַ זאַמד־בארג איז ווי אויסגעוואַקסן
דער דאָזיקער שטאַרקער אַראַבישער רייטער,
אויפן צאַרט־ווייסן פערד ווי אַ שטורם זיך טראָגט ער,
און „שטיי, מיין ניקאָטיס!" אויף הויכן קול שרייט ער.

ס'איז איבן־רומאָכיס... ער כאַפּט אָן צפורהן,
אין שטאָלענע אָרעמס פעסט נעמט ער זי טראָגן,
קוקט אָן ווי אַ חיה ס'פּאַרצוקטע קליין לעמל:
—„איך האָב דיך געליערט און האָב דיך געקראָגן!"

—„אוי, ראַטעוועט מענטשן!" — געוואַלדעט צפורה.
און תיכּף בן־חנוכס לאַנגע פּיס זיך הויך הויבן,
ער שפּרינגט העלדיש מוטיק צו איבן רומאָכיס,
נאָך אים לויפן זיינע חברים ווי לייבן.

מיט לינקער האַנט ציט ער צו זיך דאָרט צפורהן,
מיט רעכטער דערלאַנגט ער אַ זעץ, גוט געלונגען,
אין האַרצן דעם רויבער, וואָס, קניענדיק, פאַלט ער
אין שרעק פאַר דעם שלעגער מיט אַלע צען יונגען.

רומאָכיס צעטומלט פון שטאַרקער אַטאַקע,
באַוויזט קוים אַרויף אויף זיין פערד זיך צו כאַפּן,
און שרייענדיק: „כ'וועל דיר נאָך קריגן, צפּורה!“
צעיאָגט ער זיין פערד מיט אַ בריקן און קלאַפּן.

ער ווערט באַלד פאַרשווונדן. בן־חנוך נעמט דאַן צערטלעך
די בלאַסע צפּורה, צעטרייסלט פון מוראָ,
און פירט זי אַהיים, דאָרטן דאַנקט אים אומענדלעך
מיט טרערן פון שמחה איר פאָטער רב זיראָ.

און גייענדיק לאַנגזאַם אַהיים פונם פּאַלאַץ
דורך איינע פון סוראַשע ברייטע אַלייען,
האָט משה בן־חנוכס גרויסע האַרץ אָנגעהויבן
צו שלאָגן און קאָכן פון לוסט און פון ווייען.

אַזוי אומגעריכט איז אַריין אין זיין לעבן
דאָס מיידל, אַזוי ווי אַ כישוף־פּרינצעסין,
אַזוי ווי אַ מלאך פון הימל דערשינען,
און האָט זיך טיף, טיף אין זיין האַרץ איינגעגעסן.

זיין פלאַמיקע ליבע און ליידן פון יוגנט
אין פערזן רויט גליעדיק האָט ער געגאָסן,
נאָר האַלט עס בשתיקה, באַטראַכט פאַר אומעגלעך,
אַז זי זאָל אין זינען אים האָבן אַלס חתן.

עס איז נאָר אַ חלום... און ליב איז דער חלום!
נאָר ס'איז אים דאָס האַרץ אַזוי טריב אָנגעווייטיקט,

עס טרייבט אים אַן אומעט און טריבקייט צו טרערן,
ער פילט אין אַ וואַרעמער טרייסט זיך געניייטיקט.

ער טרייסט זיך מיט תורה, ער לערנט פיל תלמוד,
ער האַלט פאַר געליבטע זיין תורה, זיין כלה!
ער לערנט דורך טעג און דורך נעכט אָן אַן אויפהער.
זיין גרויסע התמדה באַוווּנדערן אַלע.

מיט פייער ענערגיע, מיט גרויס התלהבות
פאַרטיפט ער זיך שטאַרק אין נחמה=קוואַל, תורה,
נאָר אָפט לייגט ער אויף דער גמרא אַנידער
זיין קאָפּ און צעוויינט זיך: „צפורה, צפורה...״

ס'פאַרלויפן צוויי יאָר, און ער איז צווייאונצוואַנציק,
מען רופט אים אי „חכם״, אי „רבי״, האָט סמיכה,
באַקאַנט ווערט זיין גאונות, מען גיט אים פיל כבוד,
דאָך אומרויִק בלייבט ער, עס איז אים נישט ניחא.

וואָס דאַרף ער דאָס אַלץ? אַז רבנות פאַרהאַסס ער,
עס שווידערט אים אָפּעט, ווען ס'קומט אים אין זינען,
די שרעקלעכע חרפה, אַז לומדים באַנוצן
די קרוין פון דער תורה, אום געלט צו פאַרדינען.

נישט מער ווי אַ האַק און אַ לאָפּעטע ממש
פרנסה צו מאַכן פאַר זיי איז די תורה,
דאָס איז זייער קרעמל, פאַר מיאוסע פרוטות
פאַרקויפן זיי דאָך אָט די הייליקע סחורה!

ווי מוראדיק איז עס די בושה, דער ווייטיק,
ווי קרענקט עס דעם איידעלן משה בן־חנוכן,
וואָס גאונים האָבן פאַר אייגענעם כבוד
דעם שטאָלץ און די קדושה פון לערע געבראָכן...

צוליב עפעס גאווה זיך יאָגן נאָך כבוד,
נאָך געטלעכע גרויסע הנאה די זיסע,
צעקריגט מיט אַ טויטלעכער שנאה, דאָך זענען
די גאונים פון סוראַ און פומפדיתאַ.

זיי צאַנקען זיך ביטער אין בייזע מחלוקת
די פירער פון דור אַזוי מיאוס פאַרביסן,
די „ראַשי־ישיבה" און „ראשי־הגולה"
אין גיפטיקער פיינטשאַפט צעהרגעט, צעריסן.

און ס'ליידן דורך דעם דאָך די גרויסע ישיבות,
און ס'ווערט נאָר אַ חורבן פון אַלע אַנשטאַלטן,
וואָס זענען דער אייציקער שוואַכער יסוד נאָך
דאָס בבלשע יידנטום אום אויפצוהאַלטן.

און גרויס איז דער חילול־השם פאַר די גויים,
עס ווערט זייער האַס צו אונז שרעקלעכער, גרעסער,
זיי שפּאַסן און מוסרן אונז, ווי געהעריק —
מיט אייזנס געברענטע, מיט שפּיזן און מעסער...

פון אויפרעגונג משה בן־חנוך ווערט צעציטערט,
עס שרעקט אים און עקלט אים אָפּ דאָס רבנות,

וואָס נוצט אים זיין לערנען? אָפּט טראַכט ער פאַרטרויערט,
און ס׳נעמט אים אויף זיך אַליין אָן אַ רחמנות.

עס קלעמט אים דאָס האַרץ, און ער ווייס נישט, וואָס פעלט אים,
ער פילט זיך פאַראומערט, געפּרעסט און דערשלאָגן.
ער האָט אין דער וועלט נאָר איין איינציקע נחמה:
צפורה! נאָר זי וואָלט זיין אומעט פאַריאָגן.

צי ווייס זי, די שיינע, די זונענקינד שטאָלצע,
מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט פון איר תמיד טראַכט ער,
ווי גרויס ס׳איז זיין בענקשאַפט צו איר און פאַרלאַנגען,
ווי ביז משוגעת פאַרליבט, אַזוי שמאַכט ער.

צי גיט זי אַ טראַכט כאָטש, דאָס אומגליקלעכע מיידל,
אין פּראַכטיקן פּאַלאַץ, אויף רייכע דיוואַנען,
אין לוקסוס און ווילטאָג? צי טראַכט זי, אַז ערגעץ
איז משה בן חנוך אַ באַטריבטער פאַראַנען?

אַז ערגעץ־ווו לעבט נאָך דער ביז טויט פאַרליבטער,
וואָס גייט פּשוט אויס פון יסורים, באַגערן,
בשעת זי באָדט זיך אין שאַך־פּאַרפומעריע,
באָדט ער זיך אין זודיקע, בלוטיקע טרערן? — — —

## 3

שווערשאָטנדיק, רחבותדיק, הויך און דיק שטייט זיך
דערבײַ בײַ דער ישיבה אַ צעדער, אַן אַלטער,
ער האַלזט די געביידע מיט לאַנגע צווייג־אָרעמס,
ער טוליעט זי, נאָענט צום בוזעם פעסט האַלט ער.

שטייט משה בן חנוך, דאָרטן, אונטערן צעדער,
אין צייט פון דער שקיעה אין רויִקן שווייגן,
באַטראַכט אַ סך פויגלשע נעסטן געפלאָכטן,
ווי קערבעלעך ברוינע, דאָרט הויך אין די צווייגן.

ער זעט אויפן אונטערשטן צווייג שפּרינגט אַרומעט
אַ געלבלעך פויגעלע, צוויטשערט זיך טריבלעך..
אַן אַנדער קומט זיך אַרויס פון אַ נעסטל,
און חברט זיך חניק און יאָגט נאָך איר ליבלעך...

*

אַ יינגל מיט חנעוודיק־ברוינלעכן פּנים
האָט פּלוצלינג די רויִקייט־שטילקייט צעבראָכן:
— „כ׳בין קנעכט פונם רייכן רבֿ זירא שאַרגאַדו,
כ׳טראָג דאָ אַ בריוו צו רבי משה בן חנוכן".

דעם בריוו האָט די ליבע צפּורה געשריבן,
צוזאַמענגעוויקלט אַ פּאַרמעט־מגילה;
ער לייענט און לייענט אַ סך מאָל דאָס איבער,
פּאַרפעלט נישט קיין פּינטל, קיין שטריכל אַפילו.

און אָט וואָס געשריבן האָט אין דער מגילה
צפורה, מיט האַנטשריפט קלאָר, זויבער און צירלעך,
ווי פערעלעך ווערטער געדיכט אָנגעשריבן,
געדאַנקען אַרויסגעשטעלט דייטלעך אויספּירלעך:

— „נישטאָ מער קיין כּוח צו בלייבן פאַרעקשנט,
צו בייסן די ליפּן און רעדן פאַרמיידן,
געפּרוווט אַזוי לאַנג שוין מיין מויל צו פאַרשליסן,
כ׳קאָן אָבער מער נישט דערטראָגן דאָס ליידן.

בן־חנוך, דו געליבטער, ווען דו וואָלסט נאָר פילן,
וואָס ס׳מיינט הייס טריי ליבן אָן ליבע אַנטקעגן,
פאַרשטומט און אין עלנט פאַר צוויי לאַנגע יאָרן,
דאַן וואָלט זיך אין האַרץ דיר אַ שטורעם באַוועגן.

נאָר אפשר ווען דו וואָלסט אַפילו געליבט שוין,
וואָלסטו קיין יסורים דערפון נישט באַגריפן,
ווייל דו האָסט אַ טרייסט דאָך, אַ לינדערונג, היילונג —
דו קענסט זיך אין הייליקער תורה פאַרטיפן...

צי ווייסטו, בן־חנוך, אַז די גאַנצע צוויי יאָרן,
פון דאַן, ווען דו האָסט אַזוי העלדיש מיין לעבן
געראַטעוועט פּשוט פון איבן רומאָכיס,
איז דיר נאָר אינגאַנצן מיין האַרץ איבערגעבן?

צי האָסטו אַן אַנונג, אַז נישט אויף איין רגע
אַרויס ביסטו מיר פון מיין האַרץ און זכרון?

איך האַלט דיך דערנעענט צו מיר אין חלומות
בײטאָג און בײנאַכט, דורך די גאַנצע צװײ יאָרן.

אַזױ װי אַ הערשער, פֿול װוּנדער נצחונות,
דערשײנט האָסטו מיר אין מײן יוגנט דער צאַרטער,
און כ׳האָב באַלד דערפֿילט, װי עס ליגט צו די פֿיס דיר
מײן יונג אַכצניאָריק לעבן דאָס האַרטע.

יאָ, האַרט איז געװעזן מײן לעבן! װילסט װיסן?
מײן פֿאָטער] געהאַנדלט האָט אַלץ מיט ברילױאַנטן,
מיט שאַצבאַרסטע דימענטן, טײערסטע פּערל,
כאַליפֿן באַטראַכט האָבן אים אַלס באַקאַנטן.

באַליבט איז געװעזן מײן פֿאָטער בײ פּרינצן,
מיט זײן אַ באַזוך האָבן אָפֿט זײ באַערט זיך,
געטרויט אים, געטאָן מיט אים אוצרות=געשעפֿטן,
זײן רײכטום האָט זײער געשטאַרקט זיך, געמערט זיך.

געװען איז דער נאָענטסטער פֿרײנט פֿון מײן פֿאָטער
מעראָדעך סולײמאַן, דער גרעסטער פֿון פּרינצן,
גרױס רײכטום פֿאַרמאָגט, דעם כאַליפֿס אַ מקורב,
געװעלטיקט האָט ער איבער גרױסע פּראָװינצן.

זעקס יאָר אַלט געװעזן בין איך, װען מעראָדעך
סולײמאַן צו אונז צו באַזוך איז געקומען,
דאָס האָט געשמחהט, געשײנט און געשפּיגלט,
געבלישטשעשט פֿון שפּע ברילױאַנטן און בלומען.

אַריבערגעשיינט אָבער איבער די אַלע
פיל ליכטיקע דימענטן, פערל צוזאַמען —
האָט ס׳רייציקע פּנים, פול שכינהשער קלאָרקייט,
פון מיין פיל געליבטער און הייליקער מאַמען.

מעראָדעך סוליימאַן פאַרליבט איז געוואָרן
אין מיין אומפאַרגעסלעכער מאַמען דער טרייער,
עס האָט אין דעם פרינצס ביינן האַרצן צעברענט זיך
אַ פרעסיקער, צעריקער, רויטער פלאַם־פייער.

צעבראָכן און טרויעריק איז זיך סוליימאַן
צוריק צו זיין פאַלאַץ אַוועק, מוט געבויגן,
ווי פאַרמעט דאָס פּנים געגעלט און געשרומפּן,
אַרונטערגעלאָזן צו דר׳ערד זיינע אויגן.

ער האָט געלאָזט רופן מיין פאָטער דעם גוטן,
געבעטן זיך רחמים, ער זאָל אים באַגליקן,
ער זאָל אים זיין לעבן דערהאַלטן מיט חסד,
מיין מאַמעלען זאָל ער אין פאַלאַץ אים שיקן...

ווי אומעגלעך ס׳איז גאָר זיין לוסט צו דערפילן,
דערקלערט אים דער פאָטער אין איידלסטן אופן.
דער פרינץ וואַרפט אַ קעסטל פול פערל צום פאָטער:
—„איך וויל פאַר דעם קאָסטבאַרן אוצר זי קויפן!"

דער פאָטער זאָגט שטאָלץ, אַז דער פרינץ וואָלט אַפילו
פון פערל בריליאַנטן אַ הויז אָנגעפולטן

אים געבן פאַר איר, זיין נשמה, זיין מלאך —
וועטס איך נישט געשען און דאָס קען אים נישט גילטן.

דערצאָרנט, צעקאָכט כאַפּט דער פרינץ זיך צום שווערדל:
—„דו טייוולשער ייד! איך באַפעל, דו זאָלסט שטומען!
איך מאַך באַלד דיין לעבן און האָב און גוטס הפקר
און כ׳וועל דיין ווייב נויטן, זי זאָל צו מיר קומען!“

מעראָדעך סוליימאַן געשיקט האָט סאָלדאַטן,
מיין מאַמען געפירט צו זיין פּאַלאַץ געפאַנגען,
ער האָט זי געמאַטערט מיט גוטן, מיט בייזן,
נאָר טויב איז געווען זי צו זיינע פאַרלאַנגען.

...צוריק אָפּגעשיקט האָט מעראָדעך מיין מאַמען,
צעשניטן אויף שטיקער, געפּאַקט אין אַ קאַסטן,
מיט אויפשריפט: „דיין ווייב איז געווען פאַרעקשנט
מיטן גייסט פון דיין פאָלק דעם פאַרדאַמטן, פאַרהאַסטן!

זי האָט מיך מיט שטיינערנעם שוויגן געפייניקט,
און האָט מיך צוויי פינגער בייז ווילד אָפּגעביסן,
אַזוי ווי אַ חיה פון וואַלד אַ צעררייצטע,
האָט זי מיט די נעגל מיין צורה צעריסן.

זי האָט מיך באַליידיקט מיט קאַלטע אַכזריות,
אַז זי וועט איר מאַן אויף אַ לומפּ נישט פאַרבייטן.
אָט האָסטו זי, נעם זי!... איך שענק דיר דיין לעבן,
געקראָגן נקמה, מער וויל איך נישט שטרייטן.“———

מיט קולות צעווילדעט, פון מיאוסער צרה,
אַזוי ווי אַ חיה פאַרווונדעט, דערשלאָגן,
דאַן וואַרפט זיך צום שוואַרצלעכן קאַסטן מיין פאָטער,
קיין סוף איז נישטאָ צו זיין שרייען און קלאָגן.

האַליובעט און צערטלט דעם קאָפּ פון דער טויטער,
און קושט יעדן גליד פונם הייליקן קרבן:
—„צי דען ווערט אַ מלאך פון הימל אַ ליבער,
געטויט אַזוי שענדלעך, פאַרפייניקט, פאַרדאָרבן!?“

נאָך לאַנג זענען ד׳אויגן פון פאָטער געשוואָלן,
און קלאַפּט זיך דעם קאָפּ אָן דער וואַנט ווי משוגע.
עס טרייסט אים אָפּט ליבלעך דער גאון פון סוראַ
מיט פריינטלעכע ווערטער, ווייך וואַרעמע, קלוגע:

—„ווי גרויס ס׳איז דיין אומגליק, דאָך מוזטו זיך טרייסטן,
שטאָלציר מיט דיין הייליקער פרוי, רבי זירא,
דער נאָבעלער גייסט אירער לעבט, איז פאַראייביקט,
אַזוי ווי דיין פאָלק, אַזוי ווי די תורה — — —

דער גוף אירער נאָר איז פאַרניכטעט געוואָרן,
אַזוי ווי אַ מענטעלע ווערט נאָר צעריסן
פון תורה אַראָפּגעפּליקט... אָבער געזיכערט
איר גייסט מיט גן־עדן, דעם אייביקן זיסן.

מיר יידן געשאַצט האָבן גייסט תמיד העכער
פאַר ערדישן רייכטום, וואָס גשמותדיק טאַפּט זיך,

דערפֿאַר האָבן יידן, אין צייט פֿונם חורבן,
דאָס לאַנד געלאָזט פֿאַלן, צום גייסט נאָר געכאַפּט זיך..."

"...אָ, משה בן=חנוך, אויב דער גייסט איז דער עיקר?
מיין גייסט איז געוועבט פֿון געפֿיל, פֿון נקמה
פֿאַר אַלע מאָרד=מעשים און הפקר=געוואַלטן,
וואָס זאַט איז מיין פֿאָלק און ס'צערייסט מיין נשמה.

און פֿון יענער צייט, וואָס איך האָב דיך באַגעגנט,
ביסטו נאָר דער ציל פֿון מיין לעבנס=נשמה!
העלד, ברודער, באַשיצער, געליבטער, אין וועלכן
עס ליגט מיין ישועה און גוטע נחמה.

אין העלדישער גבורה פֿאַרגלייכט דיך מיין דמיון
צום גרויסן בר=כוכבא, צום העלד בר=גיוראָן,
דיין טייערן פּנים — צום פֿרימאָרגן זונליכט!
מיין גבר, קום און נעם דיין פֿאַרליבטע צפּורהן!

קום, טראָג מיך אַוועק, ווו דו ווילסט נאָר פֿאַרטראָגן.
צו האָבן דיך נאָענט צו זיך, מיט דיר רעדן,
צו ווערן געלאַסקעט פֿון דיר און געצערטלט —
אַפֿילו אין מדבר וועט אויך זיין גן=עדן.

אַפֿילו אין ווייט=ווייטע לענדער פֿאַרפֿרעמדטע,
און איבער צעשטורעמטע רווישיקע ימען,
וועט פֿולקאָם מיין גליק זיין דיך נאָכגיין אויף אייביק
און בויען אַן אייגן וועלטל צוזאַמען.

אַפילו אַ הייל וועט אונז זיין אַ מלוכה,
די טרייהייט איז אונזער מלוכהשער שטעמפּל,
מיר פלעכטן אַ קרוין פון דער זודיקער ליבע,
מיט דיר נאָר צו זיין — קען אַ פעלז זיין אונז טעמפּל!

קום, נעם און באַהערש מיך און טראָג, ווו דו ווילסט נאָר,
כאָטש שווער וועט מיר זיין פון מיין פאָטער זיך שיידן,
ווייל צוגעטון בין איך צו אים, צוגעבונדן.
איין איינציק נשמה — די לעבט אין אונז ביידן.

ער האָט מיך אַזוי ווי אַן עופהלע קליינע
די אכצן יאָר מיינע געפּעשטשעט פאַרצויגן,
געקושט און געהאַלזט מיך אין יעטוועדער רגע,
דערפילט אַלץ, וואָס ס׳האָבן פאַרלאַנגט מיינע אויגן.

דאָך וועל איך אים בעטן זיין ברכה צו געבן,
מיר וועלן אים נעמען אין אונזער חברותאָ,
מיר וועלן אים זאָגן: מיר מיינען צו שאַפן
צוזאַמען אַ ספערע פון ליבע און קדושה.

מיר וועלן דערקלערן, אַז שטאַרק איז די ליבע,
וואָס בינדט מיך צו דיר; און איך וועל אים אויך זאָגן,
אַז ס׳גייט מיר נישט איין אַלע לוקסוס און רייכטום,
אָן דיר איז דאָס לעבן גאָר שווער צו דערטראָגן.

אַרויסזאָגן וועל איך, אַז כ׳פיל אַזוי זיכער,
אַז ס׳וואַרט מיין געליבטן אַ צוקונפט פון גדולה.

געקנאָטן איז ער פון דער פּראַכט־הערשונג חשיבות,
פאַרן פאָלק וועט ער ברענגען ישועות אַ פולע.

געבוירענער פירער, געוועלטיקער קלוגער!
ער'ט געבן זיין פאָלק גאָר אַ ניי, פרייען פּנים,
און נעמען נקמה פאַר אונזערע צרות,
צעשמעטערנדיק די בייז־גיפטיקע שונאים!"

4

פאַר דער טיר פונם פּאַלאַץ פון זיראָ שאַרגאַדו,
געבויט איז אַ טויער אויף אַכט מאַרמאָר־זיילן,
פון דאָרטן זיך ציִען פיל ביימער געדיכטע,
אין לאַנגע, אין אָרדנונג געפלאַנצטע צוויי ציילן.

צווישן די ביימער, אין שאָטן דעם קילן,
שפּאַצירט זיך רב זיראָ שאַרגאַדו אַרומעט,
מיט ליבשאַפט זיך אָנשפּאַרנדיק אויף זיין איידעם,
פאַרטיפט אין רעיונות, ס'באַהערשט אים אַן אומעט.

נאָר ס'פרווּוט באַלד זיין טאָכטער צפּורה פאַרטרייבן
דעם אומעט מיט הילכיקן, זיסן געלעכטער.
אין לינקער האַנט טראָגט זי אַ קערבעלע בלומען
און פירט פאַר אַ הענטל אַ קינד — מיט דער רעכטער.

איר ייִנגעלע איז עס. זיין נאָמען: פריחמד.
פיר יאָר שוין איר שטרעבונג פאַרווירקלעכט געוואָרן,

מיט משה בן־חנוך, איר געליבטן, פאַרייניקט,
און פרוכט פון איר ליבע — פריחמד געבוירן.

די גאַנצע פיר יאָר איבער זיי האָט צעשיינט זיך
אַ זון פון גליק־שמחה אין פּאַלאַץ, אין רייכן,
פון זיראָ שאַרגאַדו. זיי לעבן צוזאַמען,
צו זייער גרויס חדוה נישטאָ גאָר קיין גלייכן.

פאַרגרעסערט דאָס גליק האָט דער ליבער פריחמד
מיט לאַכיקן פּנימל, באַבלען און ריידן,
מיט יעדן טאָג ליבלעכע חכמהלעך נייע —
צום נחת פון מוטער און פאָטער און זיידן.

שאַרגאַדו פאַרגעטערט זיין איידעם, פאַרגלייכט אים
אין קלוגשאַפט און לערע צו רבי עקיבאָ;
שטאָלצירט, וואָס מ׳האָט משה בן־חנוך אָנגעבאָטן
צו ווערן דער מנהיג פון סוראַ׳ר ישיבה.

נאָר משה בן־חנוך האָט דערקלערט: ער איז דאַנקבאַר,
דעם דאָזיקן כבוד אַלס העכסטן באַטראַכט ער;
נאָר קיינמאָל קיין געלט־נוץ דערפון נישט צו האָבן,
אויף תמיד זיין נדר־באַשלוס האָט געמאַכט ער.

אַנטזאגט זיך פון גאונישער שטול מיט די כבוד,
מיט פעטע באַלוינונג פאַר לערע צו קריגן.
נאָר העלפן אין ריכטיקן סדר אַליץ ברענגען,
דאָס נעמט ער זיך אָן באַלד מיט גרויס פאַרגעניגן.

ער שאַפט נייע אָרדענונג אין לערנען, אין לעבן,
מבטל אַלט־בבלשע פּיל זאַבעבאָנעס;
הייסט לערנען צוליב נאָר וויסנשאַפט ריינער,
און נישט נאָר צו קוואַפּענען זיך אויף רבנות...

ער רעדט מיט זיין שוואַר איצט, דערקלערט זיינע פּלענער,
וואָס האַלט אָן זיין שכל צו פלעכטן און וועבן,
וואָס ט'האָבן אַ גרויסע באַדייטונג און ווירקונג
אויפן יידישן, טריבן און ציללאָזן לעבן.

אוועקלאָזן וועט ער זיך ווייט איבער ימים,
באַגעגענען די יידן צעזייטע, צעשפּרייטע,
וואָס זענען דורך זעקס הונדערט יאָר נאָכן חורבן
געבליבן פון פיינטלעכער שווערד נאָך אַ פּליטה.

ער'ט רופן פאַרזאַמלונגען גרויסע, ער'ט ריידן
און וואַרעמען הערצער און וועקן געפילן,
וועט זוכן, וועט פאָרשן, צי קען מען נאָך אפשר
באַשאַפן אַ שטרעבונג, אַ מוט און אַ ווילן...

פּרובירן געבויגענע רוקנס אויסגלייכן
פון קנעכטשאַפט, פון אייביקער, פינסטערער מורא,
פאַר פיינטלעכע, שניידיקע בייטשן פון גלות —
צו טרייסטן, דערהויבן מיט חקירה און תורה...

מיט ליבשאַפט קוקט זירא שאַרגאַדו אויף משה
בן־חנוכן, זיין איידעם, געוואָלט עפּעס זאָגן,

נאָר ס'האָבן זיין אייניקלס שטיפן און לאַכן
די גוטע געדאַנקען אים איבערגעשלאָגן.

פריחמדן כאַפּט ער אין אָרעמס צעשפרייטע,
האַליובעט און קושט אים: „אָ, נחת מיינס!"—שרייט ער;
צפורה שיינט גליקלעך... נאָר שאַ! עפּעס הערט זיך
געשרייען און טאָפּטשען פון עטלעכע רייטער.

אַ רגע... עס לאָזן אַריין זיך אַ צוואַנציק
צעבושעוועטע עפּעס ווילדע באַנדיטן,
און רינגלען אַרום די פיר ליבע נפשות,
און פּלוצלונג שטייט איבן רומאָכיס אין מיטן.

—„אָט זעסטו, צפורה, מיין וואָרט כ'האָב געהאַלטן,
צו זען זיך מיט דיר בין איך איצטער געקומען,
עס וועט דיר איצט משה בן־חנוך שוין נישט העלפן,
נו, חברה, זיך פלייסיק צו אַרבעט גענומען!...

נאָר הערט, איך באַפעל נאָר קיין בלוט נישט פאַרגיסן!
איר זאָלט פון אַ לעבן קיין האָר נישט באַרירן,
פאַסט אויף די געפאַנגענע גוט צו באַזאָרגן,
באַקוועמלעך אין אָרדנונג צום ציל זיי דערפירן"...

די הענט שפּרייט אויס זיראָ שאַרגאַדו צום רויבער:
—„רומאָכיס, וואָס ווילסטו? אויב געלט וואָלסטו וועלן,
באַצאָל איך אין זילבער, אין גאָלד און בריליאַנטן:
פאַרקויף אונז די פרייהייט, דעם פּרייז קענסטו שטעלן."

—„שאַרגאַדו, דו האָסט אין דיין רייכטום אַ טעות,
דיין הויף און דיין פּאַלאַץ און דאָס גאַנצע פאַרמעגן
געהערט איצט דעם גרויסן מעראָדעך סוליימאַן,
עס האָט זיין לעגיאָן שוין פאַרכאַפּט אַלע וועגן.

די וועגן און שטעגן די אַלע וואָס פירן
צו דיינע פּיל הייזער און אוצרות און גיטער,
באַצוווּנגען האָט איצטער מעראָדעך סוליימאַן,
דער פריינט פון כאַליף, וואָס אין זיג איז געניט ער.

ער איז דעם כאַליפס אַ שליח צו הערשן
אויף סוראָ, באַטראַכט ער אַלס לוסטיקן שפּאָס עס
צו ירשענען דיך ביי דיין לעבן, שאַרגאַדו.
איך גיב אים די גיטער, איך דאַרף די נפשות!...״

—„אַ טויט צום דעם ערשטן, וואָס׳ט לייגן זיין האַנט נאָר
אויף איינעם פון אונז!״ | דונערט זיראָ דער אַלטער,
און לאָזט זיך צו איבן רומאָכיס מיט אימפּעט — — —
אַ שפּיז פליט אין האַרץ אים. טויט פאַלט ער אַ קאַלטער.

צפּורה צעיאָמערט זיך הויך, אין די אָרעמס
פון משה בן־חנוכן, איר מאַן דעם געטרייען.
דער קליינער פריחמד שרייט העכער מיט קולות,
וואָס שפּאַלטן די הימלען... נאָר וואָס העלפט דאָס שרייען?

מיט פעסט־איינגעהאַלטענעם ווייטיק זאָגט משה
בן־חנוך, מיט אַ קול, וואָס איז קלאָר, נאָר עס ציטערט:

—„הער איין זיך, רומאָכיס, זיי בראַוו און האָב יושר,
דערלויב מיר אַ וואָרט, כאָטש מיין הארץ איז פאַרביטערט.

דאָך דינט מיר מיין שכל. איר ווייסט, איר זייט שטאַרקער,
איר זייט דאָך די מערער, צו שטרייטן איז נאַריש...
נאָר, איבן רומאָכיס, אַליין דו מיט מיר נאָר
קום, שלאָג זיך אַ צוויי־קאַמף פיין העלדיש רעכט־האַריש...

—„בן־חנוך, ביסט אַ גיבור, איך האָב נישט קיין ספק,
האַרט ענטפערט רומאָכיס — צו וואָס ריזיקירן?
איך האָב אַזאַ האָפנונג צו קריגן צפורהן,
ס'וואָלט נאַריש געווען איצט דאָס לעבן פאַרלירן“— — —

**5**

נישט ווייט פון קאָרדאָוואַ. דער ים איז צעשטורמט.
עס הייבן זיך בלוי־גרינע וואַסערבערג־וואַלן,
און ווערן אין לופט ווייס ווי שניי, און מיט רוגזה
צעקלאַפּן זיי איינער דעם צווייטן און פאַלן...

און פאַלנדיק פילדערן זיי, און זיי שרייען,
אין זייער געפּערלעכער דונערשפּראַך פּראַלן:
—„דער שטאַרקסטער זאָל זיגן און הויך זיך דערהייבן,
דער שוואַכער צום ענדלאָזן אָפּגרונט זאָל פאַלן!...“

צווישן די כוואַליעס מיט שווערקייט שניידט דאָרט
אַ שיף זיך אַ וועג דורך די ים־בערג־געפאַרן.

שטייף אָנגעשטרענגט זענען די זעגלען. עס דוכט זיך,
זיי קראַכן דורך מעכטיקע ווינטן, וואָס שפּאַרן.

עס וויגט זיך די שיף דאָרט אויף אַלע פיר זייטן,
דערלאַנגט אַ שפּרונג הויך אויף אַ וואַל=באַרג אַ ווייסן,
פאַרזינקט באַלד אין ים=טאָלן גרינע און שוואַרצע,
די וואַלן באַפאַלן עס, ווילן עס צערייסן.

דאָס שיף, וואָס פאַרצווייפלט קעמפט קעגן די וואַלן,
באַקאַנט איז אויף ימים: דאָס רויב=שיף „טאַקאַסור",
זי וואַרפט גרויסן פּחד און שוידער אויף פלאָטן,
מען רופט זי: „דער גהינום=שד פונם וואַסער."

עס ווערן פאַרציטערט די שיפן פון האַנדל,
דערהערנדיק נאָר אָט דעם נאָמען „טאַקאַסור";
זי מאַכט אָן אַ חורבן, קריגט קיינמאָל קיין שטראָף נישט,
זי לאַכט אויס פאַרפאָלגונג, דאָס איז נאָר אַ שפּאַס איר.

דער ווונדערלעכער קאַפּיטאַן פון „טאַקאַסור"
איז איבן רומאָכיס, איר הערשער, איר פירער,
ער האָט אונטער זיך אַ סך שיפן, מאַטראָזן,
באַקאַנט איז ער גוט אַלס „דער ים=רויב רעגירער".

ער זיצט אויף זיין בראָנזענעם שטול, ווי אַ מלך
אין רייך אויסגעפּוצטער, פאַרצירטער קאַיוטע.
אַנטקעגן, אויף ווייכן דיוואַן זיצט זיך משה
בן=חנוך און קוקט ווייט מיט די אויגן די גוטע.

און איבן רומאַכיס רעדט פריינטלעך צו משהן:
—„דו זעסט, אַז איך וויל נישט קיין בלוט גאָר פאַרגיסן,
איך האַלט דיך און קינד און צפורהן באַקוועמלעך,
פאַרוואָס וויל דיין האַרץ גאָר קיין חסד נישט וויסן?

עס ליגט דיין שיקזאַל אין דיין האַנט, טאָ באַשליס דיך,
רעד איבער צפורהן, זי זאָל זיך באַזינען,
און צערטלעכקייט, ליבע אַ ביסל מיר שענקען —
און ברייט זאָל דיין האַרץ זיין דאָס גליק מיר צו גינען.

אין טויט פון איר פאָטער, ריין־אומשולדיק בין איך,
זי קען מיך דערפאַר דאָך געוויס נישט פאַרהאַסן.
דו ווייסט דאָך, מיין קנעכט, דער, וואָס האָט אים דערשטאָכן,
באַגעגנט דורך מיר האָט אַ טויט דאָ אַ נאַסן...

פאַרשטייסט דאָך, כ'וואָלט קענען באַצווינגען צפורהן...
מיין לוסט צו דערפילן האָב קראַפט איך צו נויטן!
מיין ליבע צו איר אָבער, משה, צו גרויס איז,———
און עקלהאַפט איז מיר צו האַלדזען אַ טויטן...

אַמאָל האָב באַטראַכט איך צפורהן אַלס איינע,
וואָס מוז מיר אַליין, נאָר אַליין מיר, געהערן:
און הייליק אַזוי — זי גאָרנישט צו באַרירן.
איר בליק נאָר וואָלט שטילן דאַן מיינע באַגערן!...

נאָר איצטער איז אַנדערש... כ'האָב צופיל געליטן,
פון לוסט און פון ליבע־יסורים געווייטיקט,

איצט ברען איך, ווי פייער מיט תאווה, וואָס צערט מיך,
איך פיל מיך אין קערפּער פון איר שטאַרק גענייטיקט...

אָ, משה בן־חנוך, דו באַזיצט זי אינגאַנצן,
דו קענסט זיך מיט מיר זי אין העלפט איבערטיילן:
דו נעם זיך איר ליבע, איר צערטלעכע טרייקייט,
און איך וועל איר ווארעמען קערפּער דערוויילן.

מען קען דאָך אַ ליבלעכע פרוי זיך צעטיילן,
אַזוי ווי מען טיילט זיך אַן עפּל אַ זיסן,
אַזוי ווי צוויי פריינט אַ פלאַש וויין זיך צעטיילן,
אין חדוה צוזאַמען די משקה געניסן" — — — —

—„רומאַכיס! פאַרלעש נישט די עטלעכע פונקען
פון גוטסקייט, וואָס ס'האָט נאָך דיין הארץ דאָך באַזעסן...
דערפילן אַ תאווה איז ווי דו וואָלסט וועלן
אַ שרעקלעכע שרפה מיט ברענאייל פאַרלעשן...

„נישט פועלן וועסטו ביי אונז, אָ, רומאַכיס,
די הייליקע מעכטיקע ליבע צו טיילן...
אַזוי איז באַשטימט... און מיר וועלן שוין גיכער
צו שיידן דעם גוף פון נשמה זיך ווײַלן!"

„אַ וואָרט נישט גערעדט מער!—שרייט איבן רומאַכיס—
דו האָסט אין מיין גליק־בעכער גיפט אַריינגעגאָסן!
און איך האָב געהאָפט, דו'סט פאַרשטיין און מיר העלפן.
מיין קראַפט וועט מיר העלפן... איך בין איצט באַשלאָסן!"

—„אַלקוואַדאָר!" — שרייט איבן רומאָכיס צום דינער —
„אַהער ברענג צפורהן!" — מיט איין רגע שפּעטער
קומט אָנעט צפורה, ביי דער זייט גייט פריחמד,
שטרענג היט זיי אַלקוואַדאָר, מיט שווערע טריט טרעט ער.

רומאָכיס קוקט גלייך אין די אויגן צפורהן:
—„עס ווענדט זיך אָן דיר אַליין, דו שטאָלצע, דו האַרטע,
דו שטאָלענע פרוי! — — — ניין, דו ביסט גאָר אַ מלאָך!
דאָס שרייען אין דיר אַלע גלידער די צאַרטע..."

זיין שווערד הויבט רומאָכיס און פאָכעט אין לופט עס.
—„נישט וואַגן זאָל קיינער מיך איצטער צו שטערן!
איך האָב דיך געוווּנען, געהערסט מיר אינגאַנצן...
קום, גיב זיך מיר אונטער און זאָלסט דיך נישט ווערן!"

ברייט עפנט די אויגן די בלייכע צפורה.
די האָר לאַנג, צעוואָרפן, דעם קערפּער פאַרדעקן,
האַליובעט פריחמדן, זאָגט אים שטיל, צערטלעך:
—„מיין האַרציק קינד, אָ, דו זאָלסט דיך נישט שרעקן..."

רומאָכיס פאַרסאָפּעט, פון לופט אַ צעקאָכטער,
מיט ציינער פאַרקריצטע, מיט חיהשן ברומען — — —
צפורה דערנענטט זיך אים שטיל, פאַמעלעך,
און וואַרפט אים אַ בליק אַזאַ קאַלטן, אַ שטומען:

—„רומאָכיס, דו הערסט ווי עס רוישן און קאָכן,
און קעמפן און שטויסן זיך וואַלן אויף וואַלן."

מיט דונער-שפראַך שרייען זיי איינער צום צווייטן:
„דער שטאַרקסטער מוז זיגן, דער שוואַכסטער מוז פאַלן!

דו האָסט מיך באַזיגט טאַקע, איבן רומאַכיס,
מיין גוף איז ביי דיר אין די הענט דאָך, רומאַכיס,
טאָ לאָז מיך געזעגענען זיך מיט מיין משהן,
צו געבן אים עטלעכע האַרציקע ברכות.

כ׳פאַרזיכער דיך, מער וועט ער מיך נישט באַזיצן,
דערלויב איפן דעק פונם שיף אונז שפּאַצירן.
מיר וועלן זיך שיידן... דערנאָך קום און נעם מיך...
און ווו נאָר דו׳סט וועלן, דאַן קענסטו מיך פירן!“———

* * *

צפורה שפּאַצירט מיט איר מאַן דעם געליבטן:
—„מיין לעבנס-נשמה, איך וויל עפּעס פרעגן.
אַ מענטש, וואָס דערטרינקט זיך, צי זענען פאַראַנען
פאַר אים צום גן-עדן אין וואַסער דאָרט וועגן?

— — — צי קריגט ער דאָרט אויך עולם-הבאָ פאַרדינטע?...
אָדער, ווער ס׳ענדיקט אין וואַסער זיין לעבן —
פאַרזינקט אינם תהום פון פאַרגאַנגענהייט אייביק,
און ס׳ווערט קיין גן-עדן אים דאָרט נישט געגעבן?“

—„מיין איינציקע, טייערסטע, ליבסטע צפורה!
אַ הייליקע, ריינע און פיינע נשמה—

פאַר איר איז קיין אָפּהאַלט נישטאָ און קיין שטערונג
צום הימלעשן ציל, צו גן=עדן=נחמה" — — —

—„ווי גוט !... איך בין גליקלעך !...—שרייט פריילעך צפורה —
געבענטשט זיי מיט אונזער פריחמד צוזאַמען !
עס זינגען און קלינגען אין מיר אַלע גלידער...
איך גיי, ווי צום טאַנץ, צו מיין טאַטן און מאַמען !..."

זי פאַלט אויפן האַלז אים, עסט איין זיך אין מויל אים :
—„דו איינציקער, האַרציקער ליבסטער דו ריינער,
אויך איך בין דיר איינציק, טריי, איינציק דערגעבן —
אַזוי ווי דער יידישער גאָט איז נאָר איינער !..."

מיט אימפּעט דערלאַנגט זיך אַ קער באַלד צפורה,
רייסט אָפּ זיך מיט כוח פון מאַנס ליבן האַרצן,
דערלאַנגט פלינק אַ שפּרונג אינם ים דעם צעברויזטן,
צווישן צוויי וואַלן, אַ ווייסן און שוואַרצן...

---

# מענטשן און ערטער פון „אַלאַבלאַקער עקידה“

**אַלאַבלאַק**—פיל־פאַרביקער פּלאַץ אויף אַ הויכן באַרג אין טיימאַער געגנט, אַראַביען.

**שמואל בן־עֲדָיָה**—אַראַביש־יידישער דיכטער, הערשער פון „אַלאַבלאַק“, אומגעפער 430 יאָר פאַר קריסט־צייט־רעכענונג.

**דזאַמירלאַ**—זיין פרוי.

**אַיעשאַ**—זייער טאָכטער.

**שוריד**—זייער עלטסטער זון

**בר־אוראָ**—זייער מוזיניקל.

**באַדורא**—דערציערין־לערערין פון בר־אוראָן.

**אימרולקייאיש** — דער גרעסטער אַראַבישער דיכטער פון יענער צייט זון פונם קעניג פונם שבט קענד.

**דיהאַנא**—זיין פרוי.

**מירמאָנא**—זייער טאָכטער.

**יו סוף־די־נוואַש**—אַראַבישער קעניג, וואָס האָט זיך מגייר געווען 520 יאָר פאַר דער קריסט־צייט־רעכענונג.

**כאָריט איבן־שאַמיר**—קעניג פון אַסאַנער שבט און אַנדערע גרויס־אַראַבישע שבטים.

| | | |
|---|---|---|
| **אַסאַן** | | |
| **אָס** | | |
| **כאַזראַג** | } | אַראַבישע שבטים |
| **קענד** | | |
| **קינאַנא** | | |

**אַלאַצבאַך**—אַבעסינישער נעגוס פון יענער צייט.

**אַלגאַשראַ**—דאָס פערד פון קעניג יוסוף דונו-וואַש.

**סאַפראַ, מאַרוואַ**—בערג לעבן מעקאַ.

**נאַאַרלאַ**—אַ געטין אויפן באַרג מאַרוואַ.

**אוסאַף**—אַן אָפגאָט אויפן באַרג סאַפראַ.

**טורמאַ**—געגנט אין אַראַביען.

**ברוד**—געגנט אין אַראַביען.

**ראַטריב**—איצטיקע מעדינאַ.

**בימיאַראַ**—איצטיקע יעמען.

**וואַדי-אַלקאָראַ**—אַ גוט-באַוואַסערטע שטאָט אין אַראַביען.

„...צו חברים אייביק טריי,
ווי שמואל בן-עדיה, זײַ!
וואָס'ט מיט ליבשאַפט און גרויס מוט
געגעבן פאַר אַ פריינט זיין בלוט...

(פון אן אראבישן געזאנג)

# אַלאַבּלאַקער עקידה

## 1

פון מערב זייט טראָגן זיך היישעריק־שוואַרמען,
אָן־סופיקע שפע! זיי ציען
און פולן די לופט אָן פון דר'ערד ביזן הימל,
פאַרשטעלן די זון אינם פליען.

דעם געלבלעכן וועג פון לאַנד נייד צו כימיאַראַ,
די היישעריק־שוואַרמען פאַרגרינען,
פאַרדעקן, ווי ים, פעלדער, ביימלעך און פעלזן,
קיין שטעגל גאָרנישט צו געפינען.

אַ מחנה אַראַבער אויף ריזיקע רייט־פערד, —
זיי ווערן געשטערט דאָ אין רייטן,
די ברואימלעך חוצפּהדיק פליען אין פּנים,
באַפאַלן זיי פון אַלע זייטן.

די פערד טראָמפּלען, קלאַפּן און סאָפּענען ווילדלעך,
די אויערן שטייף אָנגעצויגן,
צעטועטן די מאַסן די ברואימלעך קליינע,
וואָס קריכן זיי בייז אין די אויגן.

„זייט פאָרזיכטיק, חברה! — שרייט פרינץ אימרולקייאיש —
פאַראַנען געפערלעכע גריבער
ביים זייט פון דעם וועג, נאָר די היישעריק מאַסן
זיי דעקן דאָ איצטער אַריבער.

די פערד ציט אָן שטראָמער, רייט אַלע צוזאַמען,
און נאָענט צו מיר זאָלט איר האַלטן —
מיר זאָלן פון וועג נישט אַרונטער דאָ פאַלן
אין זייטיקע גריבער און שפּאַלטן.“

פון צפון, פון יאַטריב קומט פלוצלונג אַ שטורם,
די היישעריק שוואַרמען זיך טראָגן
מיט זעלטענער גיכקייט צום דרום, צו עדן.
נאָך זיי מחנות שוואַלבן זיך יאָגן...

די לופט איז גערייניקט, די זון שיינט אויף וואַרעם,
די רייטער זיך פריילעך צעזינגען,
די ווייסע פערד גלאַנצן, גאַלאָפּן צעהיצטע,
אַרויף אויפן באַרג מוטיק שפּרינגען.

דאָרט הויך אויפן באַרג־שפּיץ די זון זיך צעשרפעט,
עס גליען די רייטערס־טורבאַנען.
„אַלקאַוזר! [1]) — צעשרייען זיך אַלע — אַלקאַוזר!“
דאָרט זעט זיך שוין טיימאַ [2]) פון דאַנען!“

---

1) „אַלקאַוזר“ — גלעצנד.
2) טיימאַ — אַ געגנט, אַ פּראָווינץ אין אַראַביע.

פון ווייטנס, אַנטקעגן, אויף יענעם צייל פעלז=בערג,
דערזעען זיך פּאַלאַצן=שפּיצן,
ס'איז טיימאַ, די שטאָט פון שמואל בן=עדיה,
אין זון טורעם=דעכער דאָרט בליצן.

גאַלאָפּ! מיט אַן אימפּעט די פערד זיך צעטראָגן,
זיי שלינגען דעם וועג איין, זיי טאַנצן.
און פּלוצלונג דערשיינט פאַר די רייטערשע אויגן
דער שלאָס „אַלאַבלאַק" דאָרט אינגאַנצן.

דער שלאָס איז געבויט פון פּיל=פאַרביקע שטיינער,
מאָזאַאיש די ווענט שימערירן,
דערפאַר „אַלאַבלאַק" איז דער פּאַסיקער נאָמען —
צוליב אָט די שפע קאָלירן.

באַקאַנט „אַלאַבלאַק" איז אין גאַנצער אַראַביען:
אַ מקום, ווו ס'איז צו געפינען
געזיכערטע שוץ און די רויִקייט ליבע
פאַר די, וואָס פון צרות אַנטרינען.

פאַר אַלערליי עלנטע מענטשן געפּלאָגטע,
געדריקטע פון הערשער טיראַנען,
פאַר קעמפער פאַר אמת, פאַר דענקער געיאָגטע —
איז אין „אַלאַבלאַק" הילף פאַראַנען.

פאַר אַלע באַליידיקטע, אַלע פאַרפאָלגטע,
וואָס איז אין געפאַר זייער לעבן

דורך שנאה, נקמה און ביטערע רשעות —
אַ רו „אַלאַבלאַק" וועט זיי געבן.

אין פּאַלאַץ אין ברייטן דאָרט זעען זיך מאַסן
פאַרשידענע אורחים געזיכטער —
אין שוץ פונם אייגנטימער בן־עדיה,
דער יידיש־אַראַבישער דיכטער.

דער פּרינץ אימרולקייאיש באַקאַנט איז אַלס „קעניג
פון אַלע אַראַבער פּאָעטן."
זיין פאָטער, דער מלך פון קענד, האָט פאַרלוירן
זיין הערשאַפט, געמוזט באַלד אָפּטרעטן.

זיין ביטערער שונא, כאָריט איבן־שאַמיר,
גערויבט פון זיין פאָטער די מלוכה.
איצט גלותט דער פּרינץ אימרולקייאיש דער דיכטער,
און האָט נעבעך נישט קיין מנוחה...

פון פּערסישן ים־גוס ביז „העדזאס" און ים־סוף,
פון סיריענישן מדבר ביז עדן,
אין לענג און דער ברייט פון אַראַביען די גאַנצע,
געזוכט האָט אַ טרייסט ער אין לײדן.

געזוכט האָט ער רו און אַ שוץ ביי די שבטים
„קינאַנאַ", „כאַזראַג" און די „אָסן",
נאָר אַלע אים האָבן געוויזן דעם רוקן,
פאַר אים אַלע טירן פאַרשלאָסן!

געשריבן דאַן האָט ער צו שמואל בן־עדיהן,
געבעטן אַ פריינטלעכע עצה,
דערציילט, ווי ס׳פאַרשטויסן אים אייגענע ברידער...
קאַלט הויבן זיי הויך זייער פלייצע.

זיי ווייסן, כאָריט־איבן־שאַמיר, זיין שונא,
פאַרפאָלגט אים און זוכט אים צו פאַנגען,
און ווייַ איז דעם מענטשן, ווו ער וועט אים כאַפּן,
זיין פלייש וועט ער צופּן מיט צוואַנגען!

דאָס האָט נישט דערשראָקן דעם העלד בן־עדיהן.
ער שרייבט באַלד צום פרינץ אימרולקייאיש:
„אַ תענוג און כבוד וועט זיין מיר צו האָבן
דיך, טייערער פרינץ, אַלס בן־בית.

אַלס היים פעסט געזיכערט, קום, נעם אָן מיין פּאַלאַץ,
פאַר דיר און דיין הויכער משפּחה.
אָ, קעניג פון דיכטונג! אַ הויז, ווו דו וווינסט נאָר,
באַשיינט איז מיט ליכטיקער ברכה!“

דעם פרינץ צו באַגעגענען, מיט כבוד אַנטפּאַנגען
איז שמואל בן־עדיה געריטן,
באַגלייט פון צוועלף דינער, אויף פערד מעכטיק הויכע,
און ער — אויפן העכסטן, אין מיטן.

און איצטער, צוזאַמען צו „אַלאַבלאַק“ רייטן,
דעם חשובן גאַסט אַהין פירן

אין סביבה פון פריינטלעכער סוויטע געטרייער —
די נאָענטסטע צען אָפיצירן.

דער הויכער, ברוין-פּנימדיקער בן-עדיה,
שוואַרץ-בערדיק, שוואַרץ-אויגיקע פלאַמען! —
איז ענלעך צום פריץ, אי אין וווקס, אי אין פּנים,
ווי ברידער פון איין טאַטע-מאַמען — — —

צווישן זייביידע צוויי פרויען דאָרט רייטן.
די איינע: פרינצעסין ריהאַנאַ,
די ליבלעכע פרוי פונם פרינץ אימרולקייאיש,
מען רופט זי: „די בלום פון קינאַנאַ".

די צווייטע: איר זיבעצניאָריקע טאָכטער,
די שיינע פרינצעסין מיימאָנאַ,
וואָס איבער אַראַביען באַוווּסט איז איר נאָמען:
„די פולע און קלאָרע לבנה."

**2**

עס יום-טובט דער שלאָס „אַלאַבלאַק" און עס פיבערט
מיט רוישיקער שטימונג געהויבן.
עס שטראָמען פיל מענטשן אויף שטעגלעך, וואָס פירן
פון אונטערן באַרג אַרויף אויבן.

צופוס און אויף פערד און אויף אייזלען און קעמלען,
מען קומט פון אַרומיקע פלעצער.

פון טיימאַער געגנט — שמואל בן־עדיהס
פיל פריינט און פאַרערער און שעצער.

לאַנג־בערדיקע יִדן, אַראַבער, זקנים
מיט האָר לאַנגע, גרויע צעשפּרייטע,
נאָר ס'רוב מיטל־יעריקע, פּנימער שטאַרקע,
פון זון אָפּגעקושט ברוינלעך־רויטע.

און בחורים יונגע מיט לאָקן געקרויזטע,
דורך ווינטלעך אין לופטן צעפלויגן,
און פרויען אין זיידנס פאַרפּוצטע פאַרשלייערט,
נאָר אָפן פריי גליען די אויגן...

צום שלאָס „אַלאַבלאַק" — ווו עס האָט בן־עדיה
געלאַדן, ווי פריינט און ווי ברידער,
צום פרינץ אימרולקייאישעס ליבן געבורטסטאָג
מיט פייערונג־חדוה און לידער!

* *
*

אין רחבות פון שניי־ווייסן זאַל פונם פּאַלאַץ
שוין אַלע צוזאַמען געקומען.
אַ לוסטיקע שטימונג, געמישט פון פיל פאַרבן,
פון זיידנס און אַטלאַס און בלומען.

די הונדערטער ליכט אין די גילדערנע לייכטער
מיט צאַרט־קלאָרער ליכטיקייט פליסן,

אין אַלע פיר זייטן פון זאַל די פאָנטאַנען
אין מאַרמאָרנע שיסלען זיך גיסן.

אויף איידעלע מאַרמאָרנע שלאַנקע געשטעלן
פון חנעוודיקע זילבערנע בעכער,
אַ בשמים=רויך דינלעך אין בלויע זייד=פעדעם
ציט לאַנגזאַם זיך העכער און העכער.

אין מזרח=זייט זאַל דאָרט צווישן פיר זיילן,
אויף אַ דיוואַן אַ פאַרב=רייכן
דאָרט זיצט בן=עדיה, זיין ליב ווייב דזאַמיילאַ
מיט זייער בכור ליבלינג — שורייך.

דערביי זיצט די טאָכטער, די שיינע אַעשאַ,
און נאָענט צו איר זיצט באַדוראַ,
זי איז די באַליבטע דערציערין גוטע
פון זייער מוזיניק בראורא.

דזאַמיילאַ אין ראָזיקע זיידנס און שלייער
פאַנטאַסטיש פאַנאַנדערגעלאָזן,
אַעשאַ אין ווייַן=זיידנס, זעען אויס ביידע
ווי וואָדי=אַלקאָראַשע ראָזן.

די כישוף=פיגור פון באַדוראַ באַדעקט איז
מיט לילי=פאַרב זיידנס, איר צורה
פאַרשלייערט דיק טונקל... עס טוליעט צו איר זיך
דער צאַרט=ווייכער, קליינער בראורא.

אויף הויכן דיוואַן זיצט דער פיינער בעל־שמחה,
פרינצעסין ריהאַנאַ דערביי איז,
אָט שטייט בן־עדיה, מיט ליבלעכן שמייכל
הויך בענטשט ער דעם פרינץ אימרולקייאיש.

„אין נאָמען פון שלאָס „אַלאַבלאַקשע" באַוווינער,
און אונזערע אורחים און ברידער,
מיט האַרציקע ברכות באַשענק איך דעם קעניג
פון פיינסטע אַראַבישע לידער.

און זענען מיר אים דאָ מיט כבוד מהנה,
מיט וואַרעמע הערצער און בלומען —
זייט וויסן: מיר האָבן אים ווייניק געגעבן,
מיר האָבן פון אים מער גענומען!

עס איז נאָר אַ יאָר ווי מיר האָבן די זכיה
דאָס זינג־פייגעלע דאָ צו געסטן,
און פיל איז דאָס גוטס, וואָס ער האָט אונז געשאָנקען,
עס לאָזט זיך נישט וועגן און מעסטן.

געקראָגן פון אונז האָט ער דאָך נאָר אַ קטנות:
אין פאַלאַץ באַשיידענע ווינקלען,
ער אָבער געגעבן האָט אונז פיל בריליאַנטן,
די פערל, וואָס אייביק זיי פינקלען!

און איינס פון די פערל און דימענטן־לידער,
וואָס גלאַנצן ווי הימלעשע שטערן,

דער דיכטער אַליין וועט אונז לייענען איצטער,
מיר וועלן מיט גליק־פרייד אים הערן!"

אַ שטילקייט אַ טיפע באַהערשט די פאַרזאַמלונג,
קיין מוק נישט, נישטאָ קיין באַוועגונג,
אויף פרינץ אימרולקייאישעס מאַט־בלאַסן פּנים
שוועבט חניק אַ לייכטע אויפרעגונג.

ער לייענט מיט זיסער און דייטלעכער שטימע
ווערטער געציילטע ווייך קלינגען,
וואָס־ווייטער צעגיסן זיי זיך העכער, ברייטער,
אין האַרצן פון עולם טיף דרינגען.

ער לייענט זיין ליד, וואָס פאַרפאַסט האָט ער לעצטנס,
און פילט, ס'איז געלונגען געראָטן:
ס'הייסט: „יוסוף־דו־נוואַש, דער יידישער קעניג —
זיין מלוכה צעשמעטערט צעטראָטן..."

## 3

„— — — אין שיינער אַראַביען, ווו ליכטער פול סודות
זיך מישן מיט וווּנדער קאָלירן,
ווו פייער־זון ברענט און צעשמעלצט די בראָנז־הימלען,
און ס'גליען מענטשן־הערצער, געהירן...

דאָרט לעבן הייס־בלוטיקע קינדער פון יקטן[1]
פאַר יאָרן גאַנץ לאַנגע אומצייליק,

1) יָקְטָן — דער ערשטער פאָטער פון אַראַבער.

ווו יעטוועדע גרעזל, „מעזאַא״[1] און „נעבעק״[2]
און „זאַם״[3] — איז זיי טייער און הייליק.

ווו בראַנד־זאַמד פון מדבר באַליבט איז זיי האַרציק,
דער ווירבל־ווינט איז זייער שוועסטער,
די שיף פונם מדבר, דער קעמל — אַ ברודער!
דער שווערד־העלד — דער פריינט זיי דער בעסטער...

זיי האָבן געזוכט דורך די הונדערטער יאָרן
אַ גאָט פון פלאַם־פייער און שטורמען,
פאַרשידענע געטער געדינט און געבויט זיי
אויף בערג הויכע טעמפּלס און טורמען.

אויף הויכן באַרג „סאַפאַ״ געבוקט זיך צו „אוסאַף״,
אויף „מאַרוואַ״ געדינט צו „נאַאילאַן״,
די דאָזיקע געטער נישט האָבן באַפרידיקט
די ברויזיקע פלאַקער־געפילן...

געקומען איז קעניג, אָ, יוסף־נוּוואַש,
געקרוינט אין כימיאַראַ, אין פרידן,
און ער האָט געבראַכט צו זיין פאָלק די אַראַבער
דעם מעכטיקן גאָט פון די יידן.

מיט ליבשאַפט הייס טריי האָט געדינט ער יעהאָוואַן,
געווידמעט זיין לעבן דעם גלויבן

1) 2) 3) נעמען פון גראָזן.

אין גאָט פונם אייביקן כּוח און גבורה
אויף דר׳ערד און אין הימל דאָרט אויבן.

וואָס פייער זיין גוף איז, נשמה — אַ פלאַקער!
זיין שטימע — איז דונערן, בליצן,
זיין אָטעם צעטרייסלט די ערד און צעשמעטערט,
און קאָכיקע לאַווע נעמט שפּריצן!...

און האָלט געהאַט שטאַרק האָט דער יוסוף־דו־נוואַש
זיין יידישן פאָלק, זיינע ברידער,
איין בלוט און איין פלייש זיך באַטראַכט מיט די יידן,
אַ גליד פון יהודהשע גלידער.

איז דאַנקבאַר אָין האַרצן זיין גרויסן יעהאָוואַן
פאַרן כּוח, וואָס ער האָט געגעבן
זיין פאָלק אויסצוהאַלטן די לאַנגע צייט צרות,
און בלייבן ביים גייסט און ביים לעבן...

אין צייט, וואָס די פעלקער פון אַנדערע געטער
פון „נאַ״[1] און „סערואַ״[2] זיין שכן,
פון „אַנאַ״,[3] „איסטאַר״[4] און „באַהו״[5] לאַנג שוין זענען
פאַרפוילט און פאַרווישט און צעבראָכן...

דורך טויזנטער יאָרן, פון זינט זיידע יעקב
האָט נאָך אַ געראַנגל אַן עכטן,

1) 2) 3) 4) 5) נעמען פון פאַרצייטיקע געטער.

אַ מלאך פון גאָט בייגעקומען, געבליבן
דער זיגער אין געטלעכע פעכטן...

פון דאַן האָט געטראָפן פיל מאָל זיינע קינדער,
געראַנגלט זיך האָבן מיט געטער...
מיט געטער פון חושך, פון האַס און פון קנעכטשאַפט,
געליטן דערפאַר אַלס פאַררעטער...

מיט אייזערנע קאַמען די לייבער געדראָשן,
פאַר קעמפן די פאַלשע מאָרד-געטער,
געפייניקט געוואָרן... נאָר ס׳האָט אַלץ געטראָפן —
אַרויס אַלס די זיגער דאָך שפּעטער — — —

*

אָפּט ווערט קעניג יוסוף-דו-נוואַש פול צאָרן,
און בייסט זיך די ליפּן פאַרביטערט,
ער דריקט זיינע פויסטן און ברומט און ער קרעכצט,
זיין מעכטיקער רוגזה-קול ציטערט:

„איך קען נישט דערטראָגן! איך וועל נישט דערלאָזן
די יידישע פרעסער און דריקער
מיין פאָלק מער צו עולהן און גזלען און מאָרדן,
זיין קערפּער צו שניידן אויף שטיקער.

איך שווער ביי יעהאָוואַן! אַ סוף וועל איך מאַכן
צו די יידישע שונאימס רציחות.

פון יורשים פון בלוטיקן רוים אונטער מאַסקע
פון קריסטלעך־ביזאַנטישן יחוס.

מיט שווערד וועל איך צווינגען ביזאַנטישע הערשער,
באַטריגער, וואָס דינען נאָך געצן,
כאָטש פריידיקן כלומרשט „די קריסטלעכע ליבע" — —
כ'וועל נויטן זיי יידנטום שעצן!...

ברוטאַלע רשעים! די תורה פון אמת,
און מענטשלעכער ליבע און רעכטן —
דאָס האָבן זיי דאָך פון די יידן געקראָגן,
דאָך צאָלן זיי אָפּ זיי מיט שחטן...

יאָ, מיינע מרגלים געשילדערט מיר האָבן
די בלוטיקע שאַנד און נגישות,
און מאָרד מיט אַכזריות, וואָס יידן באַגעגנען
אין לאַנד פון די רוימישע רשעות...

מיין שווערד ברייט און שאַרף! איך באַגער נאָך נקמה!
שטאָט נאַדזאַראַן[1] האָב איך באַצוווּנגען,
מיט פייער און אייזן די דאָרטיקע קריסטן
פאַרטיליקן האָט מיר געלונגען.

און נויטיק און רעכט איז געווען די פאַסירונג —
אַ לערע פאַר פעלקער, וואָס דריקן

[1] אַ שטאָט אין אַראַביען פון יענער צייט, אירע איינוווינער זענען געווען דאָס רוב קריסטן.

און פלאָגן דעם ייד, ווייל אין צאָל איז ער ווייניק,
און קריוודן אים, שלאָגן און שטיקן.

כ׳האָב וויזן געוואָלט אָט די דאָזיקע מערדער,
ווי לייכט ס׳איז אַ מינדערהייט שלאָגן,
און זאָלן זיי פילן דעם טעם און דעם ווייטיק
ווי שווער ס׳איז די עוולה צו טראָגן!

ווי ביטער און ווי איז דער מינדערהייט, וועלכע
איר כבוד צעטראָטן, באַליידיקט,
איר גייסט און איר קערפּער געשענדעט, צעבראָכן,
און איז נישט פון קיינעם פאַרטיידיקט.

שטאָט נאַדזאַראַן לערנען זאָל זיי, ווי גאָר לייכט איז
צו הפקרן יידנס געפילן
מיט כאַמישער גראָבקייט, מיט סדומישער האַנדלונג...
ווי גרויס צו נקמה דער ווילן!...

דאָך מיינע אַכזריות אַ קלייניקייט איז עס
אַנטקעגן די אַלע רציחות,
וואָס ס׳האָט אויף מיין פאָלק אויסגעגאָסן די שנאה,
אי קריסטלעך־ביזאַנטיש, אי גריכיש!״— — —

אָ, יוסוף־דו־נוואַש דערוועקט האָט דעם צאָרן
פון אַלע פאַרביסענע קריסטן,
העגמאָנען, גלחים צערייצט ווילד די מאַסן:
„פאַרניכטן די יידן, פאַרוויסטן!״

פאַרשפּרייט שוואַרצע האַס־גיפט צווישן ביזאַנטן,
אַראַבישע קריסטלעכע שטאַמען
געהעצט די ניי־גלויביקע קינדער: צו טויטן
די אייגענע יידישע מאַמען...

פאַרזאַמלט זיך האָבן די פעלקער און שבטים
פון יידנטום פרעסער־מדינות,
אַלאַצבאַך דער פיינט, אַ בעסיניעשער נעגוס,
און רוימישער קעניג יוסטינוס.

בלוט, פייער און רויך! אַ מלחמה אַ שווערע!
די בליציקע שווערדן פיל שעכטן.
דו־נוואַשעס חייל, גיבורים ווי לייבן,
מיט זעלטענער מוטיקייט פעכטן.

זיי קאָסענען, וואַרפן פון מעכטיקן שונא
הרוגים אין גובעס צעשפּרייטע.
סאָלדאַטן אַ סך אָבער האָבן די שונאים
צען נייע פאַר יעדע פינף טויטע.

פלאַם, פלאַקער און רויכיקע זיילן די שוואַרצע!
בלוט, פייער און ליאַרם און שטורם!
דו־נוואַשעס הויפּטשטאָט די ריין־שיינע טאַפאַר
צעשמעטערט, אי פעסטונג, אי טורעם.

דער פּאַלאַץ פון קעניג געפאַלן ביים שונא,
צעבראָכן דעם מוט פון כימיאַרן,

דער שונא פאַרכאַפּט האָט די אוצרות, די מלכּה,
געקוילעט די פירער און הארן.

אויף הויכן, צעווילדעטן פערד זיינעם, שוואַרץ=ווייסן,
„אַלגאַשיאַ", רייט, פליט דער קעניג.
זיין בלוט=אָנגעזעטיקטע שווערד הויך געהויבן:
„אַלגאַשיאַ, כ'בין נישט אונטערטעניק!...

— צום ים, אָ, אַלגאַשיאַ! טראָג מיך צום ים=סוף,
צעטראָג זיך און שוועב, ווי אַ וויכער!
אין ים, וואָס אַמאָל האָט די יידישע שונאים
פאַרניכטעט און ס'פאָלק געמאַכט זיכער".

דער ים אָנגעברוגזט, צעשרייט זיך מיט קולות,
זיין פּנים צעקנייטשט, בלאָ פון כּעס,
פוןברייטן מויל שלאָגט אים אַ שום צו דעם זאַמד=ברעג,
ער שלינגט איין די וועלט באַלד מיט רעש! — — —

„יעהאָוואַ!—שרייט קעניג דו=נוואַש פאַרצווייפלט —
ווי קענסטו דאָס צוזען רציחה
צום פאָלק דיינס, ישראל, וואָס גלויבט אין דיין אמת?
ווי קען דיר זיין ליידן זיין ניחאָ?!...

פאַרוואָס זאָלן אָנקוועלן שונאים פון נחת,
מיט גאווה=שפּאָט פול זייער מוח:
אַז ס'קען נאָר דיין גאָטלעכקייט העלפן די יענע,
וואָס האָבן אַ מערהייט און כּוח?!"

...מיט אימפעט שפרינגט ס'פערד מיטן קעניג דו־נוואַש
אין כוואַליעס, וואָס פילדערן, קאָכן...
פאַרשווומען ווייט־ווייט... און נאָך לאַנג האָט דער קעניג
זיין שווערד אָנגעהאַלטן אין פאָכן"...

## 4

דער שלאָס אַלאַבלאַק גאָר צערודערט איז אונטער
אַ שווערן, מלחמהשן זיגל.
די מעכטיקע פעסטינגשע טירן געשלאָסן
מיט זיכערע שלעסער און ריגל.

די וועגלעך צום פּאַלאַץ, וואָס ציען אויף טרעפּ זיך,
פון אונטערן באַרג — גאָר פאַרשווונדן,
די בריקלעך צווישן די פעלזענע שטעגן
פאַרניכטעט דאָרט, אונטערגעצונדן.

צופוסנס, אַרום און אַרום אָט דעם ריז־באַרג,
דאָרט פלאַטערט מלחמהשער פיבער
פון פיל מיליטער פון כאַריט־איבן־שאַמיר
דער אַ'סאַנער קעניג און גבור.

באַלאַגערט דעם שלאָס האָט כאַריט־איבן־שאַמיר
אין שפּיץ פון די שטאַרקע אַרמייען,
געגרייט צו מאָרד גערן, מיט אָן אַ שיעור וואָפן,
מיט בלוט־לוסט און ווילדע געשרייען.

געשיקט האָט ער זאָגן דעם האַר בן־עדיהן:
„איך, קעניג כאָריט־איבן־שאַמיר,
דער קעניג פון אַ׳סאַז, וואָס האָט אַ סך שבטים
צעקלאַפּט מיט זיין העלדישן האַמער,

איך, זיגער פון קענד, אָט דער העלדישער שבט,
כ׳האָב קענדישן קעניג באַצווונגען,
זיין זון אימרולקייאיש איז אָבער אַנטרונען,
אים פאַנגען — איז מיר נישט געלונגען.

און כ׳ווייס, אַז ער קליגט זיך מיט גרויסע אינטריגעס,
די מלוכהשע קרוין פון זיין טאַטן,
פון מיר צוריקקרויבן. ער שטיצט זיך אויף זיינע
פאַרהונגערטע הונדערט סאָלדאַטן.

באַליבט איז ער, ווייס איך,ביים קענדישן שבט,
און זייערע הערצער געווינט ער...
און כ׳ווייס, בן־עדיה, ביי דיר, אין דיין שלאָס דאָ,
א רו און באַשיצונג געפינט ער.

איך האָב נישט קיין טענות צו דיר, בן־עדיה,
קיין אַנדערע תביעות צו מאָנען,
נאָר פרינץ אימרולקייאישן זאָלסטו מיר געבן,
זיין פרוי און זיין טאָכטער מיימאָנאַן.

און דאַן, מיטן דאָזיקן דריילינג־נפשות
אויך נאָך עפעס מוז איך פאַרלאַנגען:

די מאַסע געוועג, וואָס זיי האָבן באַהאַלטן
ביי דיר — מוזטו באַלד מיר דערלאַנגען!"

געענטפערט אים האָט בן־עדיה: „אָ, קעניג,
מיין האַרץ וויל דעם שלום אויפהאַלטן,
וואָס הערשט אַזוי ליבלעך צווישן אונז ביידן,
און זיין גוטע פריינט נאָכן אַלטן.

און ווייל איך וויל פרידן, געגרייט בין איך, קעניג,
דערפילן דיין ווונש, דיין באַגערן,
ווען ס'וואָלט נאָר נישט וועלן באַקעמפן דעם יושר,
און מענטשלעכע רעכט נאָר נישט שטערן.

נאָר שווער זענען דיינע פאַרלאַנגען די בייזע,
און כ'קען דיין באַפעל נישט דערפילן,
אַרויסגעבן דיר מיינע געסט — איז אוממעגלעך,
דאָס שרייען אין מיר די געפילן.

מיין שלאָס „אַלאַבלאַקשע" פאַרהייליקטע עובדה —
איז גאַסטפריינטלעכקייט, קעניג, זיגער!
און כל־זמן איך האָב נאָך אין זיך לעבנס־אָטעם,
כ'וועל קיינמאָל נישט זיין קיין באַטריגער.

באַטרוג איז נישט פאַסיק אונז ביידן, די קינדער
פון זיידן אברהם דעם אַלטן,
וואָס האָט דורך זיין גאַסט־פריינטשאַפט זוכה געווען
מלאכים אין הויז גאָר צו האַלטן...

פאַרראַט איז אַ האַלזבאַנד, וואָס ווערגט מחמת ענגקייט...
און כ׳וועל מיינע געסט נישט פאַרראַטן!
דאָס איז מיין באַשלוס, ס׳וועט נישט ווערן געענדערט
דורך צוואַנג און געוועער און סאָלדאַטן.

און, אַגב, כדאַי איז דיר אויך צו דערקלערן:
מיין שלאָס וועט קיין גבר נישט דערגרייכן,
צוליב אָט די גלייכע און גליטשיקע פעלז־ווענט
פון שלאָס־באַרג דעם מאוימדיק הויכן.

און שפייז אָנגעגרייט האָב איך דאָ אויף פיל יאָרן,
און וואַסער אָן סוף פליסט פון קוואַלן.
קיין פייער פון אונטן, קיין שרעק פון מלחמה
קען אונז אין דער הויך נישט באַפאַלן...

כ׳וואָלט ראַטן דיך, קעניג, אַוועקגיין בשלום
אַהיים, צו דיין רו, פאַרגעניגן.
אומזיסט איז דיין שטיין דאָ... דו וועסט בשום־אופן
די געסט מיינע קיינמאָל נישט קריגן!״

* *
*

כאָריט־איבן־שאַמיר בלאָ־בלאַס ווערט פון כעס,
די ליפן מיט רוגזה פאַרביסן:
„אַ חוצפה פון הינטישע יידן! ווען כ׳פאַנג אים,
אויף פיצלעך וואָלט איך אים צעריסן!״

נאָר פּלוצלונג קומט אָן דאָרט דעם קעניגס אַ דינער
און זאָגט: נאָך אַ בריוו איז אַנטפאַנגען
פון שלאָס „אַלאַבלאַק", מיט אַן אויפשריפט אַ קלאָרן:
„דעם קעניג פּערזענלעך דערלאַנגען".

פון אויפרעגונג טרייסלען די הענט בײַ דעם קעניג,
נאָר באַלד שרײַט ער אויס: „איך וועל זיגן!
זײַ גרייט אימרולקייאיש, זײַ גרייט בן-עדיה,
איר'ט באַלד צו די פּיס מיר שוין ליגן!"

דעם בריוו האָט געשריבן די שיינע באַדורא,
און דאָס איז אין קורצן דער תּוכן:
„אָ, קעניג, פאַרליר נישט קיין מוט, זײַ געדולדיק,
דײַן ציל דאָ אין שלאָס צו דערגרייכן.

מײַן נאָמען: באַדורא, איך שטאַם פון דײַן שבט,
איך גיב מיך דאָ אָפּ מיט דערציִען
און אויפפּאַסן, לערנען דעם קליינע בראוראַן,
דאָס קינד פונם ייִד בן-עדיהן.

איך בין אימרולקייאישעס ביטערער שונא –
איך האָב דערצו ריכטיקע סיבּה:
מיט צוועלף-דרײַצן יאָר צוריק איז געווען
בײַ אונז גאָר אַ וואַרעמע ליבע...

מיר האָבן זיך בײדע באַגעגנט אין יאַטריב,
ער האָט מיך אַלס שיינהייט געפונען,

און האָט מיך געבראַכט אין זיין פּרינצלעכן פּאַלאַץ,
איך האָב אים אינגאַנצן געוווּנען.

מיר האָבן זיך איבערגעגעבן איינאַנדער ————
נאָר פּיינט האָט געהאַט מיך ריהאַנאַ,
זיין פרוי, און זי האָט אַלץ געוועקט אין אים שנאָה,
געווען מיין שיינקייט מקנא.

באַשלאָסן האָב איך צו דערמאָרדן ריהאַנאַן.
נאָר ס׳האָט דאָס דערוווּסט מיין געליבטער,
און האָט מיך באַליידיקט מיט בייזע געשרייען,
אַן אויפגערעגטער, אַ באַטריבטער...

פון כּעס האָב איך מיך געוואָרפן אין אָרעמס
פון איינעם פון הויפס אָפיצירן,
געהוליעט מיט אים דורך דער נאַכט אין פיל ליבע,
ביז זינען אין תענוג פאַרלירן!...

דערוווּסט האָט דער פּרינץ זיך, און ס׳האָט יענער העלד באַלד
זיין קאָפּ דורך דער שווערד שוין פאַרלאָרן.
און מיך האָט דער פּרינץ דאַן פון פּאַלאַץ פאַרטריבן,
און כ׳בין אין דער פרעמד אָפּגעפאָרן.

געוואַנדלט, געשלעפּט זיך פון שבט צו שבט,
ביז ס׳זענען די קרעפטן צערונען...
ס׳איז שווער מיר געגאַנגען, ביז כ׳בין דאָ געקומען,
און האָב מיר אַ רו דאָ געפונען.

און ווי ס'איז אַהער אימרולקייאיש געקומען,
צעפלאַמט זיך האָט בייז מיין נשמה,
מיין פּנים פאַרשלייערט, נאָר כ'זע אים דאָ טעגלעך,
מיין האַרץ שרייט: נקמה, נקמה!

מיין ראַכע זוכט פלענער, זי רוט נישט און שלאָפט נישט,
זי האַלט אַלץ אין רויענען, גראָבן...
זיי רויִק, כאָריט=איבן=שאַמיר, מיין קעניג,
דו וועסט אימרולקייאישן האָבן!"

5

ביים ברעג פונם שלאָס=באַרג אַ טאָל אַ באַגראָזטער
און אַ באַבוימטער איז פאַראַנען,
באַוואַסערט מיט אייביקע, זילבערנע שטראָמען,
וואָס קוועלן פון פעלזן=פאָנטאַנען.

עס חנדלען זיך פייג=ביימער ווילדלעך צעלאָזן,
קאָקטעיש באַוועגן זיך, גריסן
די גאַווהדיק שלאַנק=שטאָלצע פאַלמען, וואָס קוקן
צום הימל, די קעפּ הויך פאַרריסן...

ווי וועכטער אַרום אָט דעם אוצר פון גרינס=טאָל,
טריי שטייען אַקאַציעס דאָרט הויכע,
ביי איינער פלאַצט אויפעט די פעטלעכע קאָרע,
און ס'שפּאַרט גומעראַביק ווייס=ווייכע.

בר־אורא, דאָס זעקס־יאָריק קינד בן־עדיהס,
באַקוקט עס מיט אייגעלעך קלאָרע,
און פרעגט ביי באַדוראַן, וואָס פירט פאַר אַ האַנט אים:
„ווער עפנט עס אויף דעם בוימס קאָרע?"

„און זאָג מיר, באַדוראַ, ווי קומט עס גומעראַביק
אריין אין דעם בוים?"... זאָג, ווי ווערט עס?" — — —
„דער גאָט פון די ביימער דער מאַכט עס, בר־אורא",
מיט שמייכל באַדוראַ דערקלערט עס.

„און זאָג מיר, באַדוראַ, פאַרוואָס זענען בליִונג
פון אַנדערע ביימער ווייס־צאַרטע,
און דאָרטן די פּאָמעגראַנאַטישע בליִונג,
ווי ווײַן זענען רויטע און האַרטע?"

איר טונקעלן שלייער הויבט גיך אויף באַדוראַ,
און קוקט אָן דעם יינגל מיט וווּנדער...
„ביי בלומען, אַזוי ווי ביי מענטשן, דאָס פּנים
איז אַנדערש ביי יעדן באַזונדער...

„באַדוראַ, צי קען מען פאַרגלייכן די מענטשן
מיט בלומען און ביימער און צווייגן?
די מענטשן זיי עסן דאָך, טרינקען און רעדן,
די בלומען זיי הונגערן, שווייגן..."

„בר־אורא, די ביימער און בלומען, ווי מענטשן,
אויך עסן און טרינקען געניסן,

זיי טרינקען דאָס וואַסער פון שטראָם, און זיי עסן
די פּעטקייט פון דר'ערד — זאָלסט עס וויסן!"

„באַדוראַ, דאַן האָב איך די בלומען פיל העלטער
פון מענטש, וואָס קיילענען קליינע
אי קעלבעלעך, אי שעפּסלעך, אי לעמלעך צו עסן,
און קיילענען טייבעלעך שיינע..."

ער טוליעט צו איר זיך אַזוי ווי אַ לעמל
מיט וואַרעמע בעקלעך געברוינטע,
די קלוג-שוואַרצע אויגלעך פול ליבלעכע אומשולד:
מיט שרעק קוקט זי אָן אַ דערשטוינטע...

„בר-אורא, ביסט קלוג און גערעכט... אָבער איצטער
איך קען גאָרנישט ענטפערן, רעדן..."

• • • • • • • • • • • • • • • • • •

פון הינטער אַ בוים צוויי אַראַבישע וועכטער
דערנעענטערן זיך באַלד צו ביידן:

„באַדוראַ, מיר האָבן געמאַכט שוין אַלץ פאַרטיק,
פאַרליר נישט קיין רגע, קום גיכער,
דער דורכגאַנג איז פריי און זיי וואַרטן דיך אונטן,
דער לייטער איז פעסט, אַלץ איז זיכער..."

*

צום בוים צוגעבונדן אַ שטריקענער לייטער
געפלאָכטן, אַ דיקער געזונטער.
די פרוי מיטן קינד אין די אָרעמס דאָרט קריכן,
זיי לאָזן זיך לאַנגזאַם אַרונטער...

עס הערט זיך דער קלאַנג פון זיין קינדערשע שטימע,
האַלב־וויינענדיק און האַלב־געזונגען:
„ווו קריכן מיר עס?... בעסער לאָמיר אַהיימגיין...“
נאָר באַלד איז די שטימע פאַרקלונגען.

* *
*

אויפן שלאָס „אַלאַבלאַק“ האָט צעשפּרייט זיך אַ חורבן,
און אומעט באַדעקט יעדע צורה,
אַ זיפצעניש, קרעכצעניש פון אַלע זייטן:
„פאַרלאָרן דער קליינער בר־אורא“.

דזאַמיילאַ, די מוטער, פאַרגיסט טייכן טרערן
אויפן אומגליק, וואָס האָט איר געטראָפן,
זי קלאָגט און זי רייסט זיך דאָס פלייש פון יסורים,
מיט בלוט אירע אויגן פאַרלאָפן:

„בר־אורא, מיין נחת, מיין לעבנס־זאַפט־זיסקייט,
מיין האַרציקער פּראַכטיקער בלימל!

באַטריבט ביזן אָפּגרונטישן אייביקן חושך —
מיין קלאָג וועט צערייסן דעם הימל!"

ס'פּרובירט בן־עדיה זיך שטאַרקן, זי טרייסטן:
„פאַרליר נישט קיין האָפענונג און זינען,
צוריקקערן וועט זיך צו אונז אונזער צירונג,
מיר וועלן בר־אוראַן געפינען."

* *
*

און דאָרטן פון אונטערן באַרג אַ סיגנאַל קומט,
כאָריט־איבן־שאַמיר לאָזט הערן:
אַרויפנעמען זאָל מען פון אים צוויי שטאַפּעטן —
ער דאַרף עפּעס וויכטיקס דערקלערן.

כאָריט איבן־שאַמירס שטאַפּעטן געקומען,
געבראַכט האָבן זיי די ידיעה:
„בר־אוראַ, דיין קינד אין מיין לאַגער געפינט זיך,
אַ משכון איז ער, בן־עדיה.

און באַלד, ווי דו גיסט מיר אַרויס מיינע שונאים,
די, וועלכע איך וואַרט צו אַנטפאַנגען,
דאַן קער איך דיר אום באַלד דיין טייערן משכון,
איך וועל דיר בר־אוראַן דערלאַנגען.

ווי גיך אימרו־לקייאישן שיקסטו אַרונטער
מיט ווייב און מיט טאָכטער צוזאַמען,

מיט אַלע געווער, וואָס זיי האַלטן ביי דיר, דאַן
דערפרייט גלייך בר=אורא זיין מאַמען.

געזונט, פריש און פריילעך וועט ס׳קינד דיינס אַפילו
אַ האָר פונם קאָפּ נישט פאַרלירן,
און ווידער וועט ער אייער לעבן באַלויכטן,
זיין פנים דעם פּאַלאַץ באַצירן.

נאָר טאָמער פאַרעקשנסטו זיך, בן=עדיה,
און וועסט דיינע געסט מיר נישט געבן —
דאַן בין איך באַשלאָסן דעם משכּון פאַרניכטן,
בר=אורא פאַרלירט דאַן זיין לעבן!

מיין שווערד ברייט און שאַרף וועט דאַן שניידן אין שטיקער
דיין ליבלינג, דיין קינד, דיין נשמה...
און כ׳וועל נאָך מיין שווערד אינם שייד נישט באַהאַלטן,
ביז פול וועט שוין זיין מיין נקמה!״

*

געענטפערט האָט אים בן=עדיה: „איך גלויב נישט,
אַז דו זאָלסט די חוצפּה פאַרמאָגן
צו טאָן אָט די שוואַרצע מחבּלשע אַרבעט,
דאָס אומשולדיק קינד צו דערשלאָגן.

איבּ שטאַרק איז דיין דורשט נאָך דאָס מענטשן=בלוט הייסע,
נעם מיינס! כ׳האָב אַ סך, עס וועט קלעקן

פאַר דיר זיך צו באָדן מיט בייזער נקמה,
כ'בין גרייט דיר מיין האַלז אויסצושטרעקן!"

כאָריט איבן־שאַמיר מיט קאַלטן שפּאָט ענטפערט:
„ביסט קלוג און דו רעדסט פילאָזאָפיש.
פון טויט־שטראָף און שטראָף פון יסורים באַטראַכטסטו,
אַז טויט גאָר אַ קלענערער שטראָף איז.

גערעכט, בן־עדיה! יסורים צו ליידן
איז שווערער פאַר טויט, און דעריבער
דעם הארבערן שטראָף קלייב איך אויס דיר: זאָלסט צוזען
געשלאַכט ווערט בר־אורא דער ליבער.

זאָלסט קוקן, ווי ס'ווערט זיין ווייס־ראָזיקער קערפּער
אויף שטיקער צעהאַקט און צעריסן!
באַטראַכט עס... און גיב מיר אַרויס מיינע שונאים —
דיין קינד וועט פון פּיין דאַן נישט וויסן."

„אוממענטשלעכער אַכזר! — אים זאָגט בן־עדיה
מיט גייסט אַ באַטריבטן און שווערן —
„דריי טעג וויל איך האָבן, די שרעקלעכע פראַגע
זיך גוט איבערלייגן באַקלערן:

צי מעג איך מיין קינדס טייער לעבן דערלייזן
מיטן טויט פון די געסט מיינע טרייע,
דורך דעם, וואָס איך וועל זיי פאַרראַטן און וואַרפן
אין לאַפּעס פון קעניג, דער חיה!..."



דריי רולאָזע פאַסט־טעג אין עלנט פאַרשוווּנדן,
דריי שלאָפלאָזע נעכט שוואַרצע, שווערע,
פאַרזונקען געווען בן־עדיה אין פּלונטער
פון ליבע, רחמנות און ערע...

אויפן פערטן פרימאָרגן, ווען ס׳האָט זיך דער באַרג־שפּיץ
געראָיטלט פון זון האַלב־פאַרשלאָפן,
באַשלאָסן געשטאַנען איז פעסט בן־עדיה
דעם קעניגס שליח געטראָפן.

„דיין קעניג גיי, זאָג, איך וועל טאָן אָן אַ ספק
אַזוי ווי אַברהם מיין זיידע,
וואָס אויפן מזבח פון ליבע און טרייקייט
געבראַכט האָט זיין זון צו דער עקדה.

מיט זיין איבערגעבנקייט טריי צו יעהאָוואַן,
מיין טרייקייט צו פריינט, כ׳וועל פאַרגלייכן — — —
געהאַט האָט אברהם נאָר איינציק יינגל,
איך דאָך נאָך איינס — שורייך.

טאָ גיי, הייס דיין קעניג זיין מאָרד־מעסער שאַרפן,
מיין ערלעכע טרייקייט וועט זיגן,
מיין פריינט אימרו־לקייאישן מיט זיין משפחה
וועל איך נישט פאַרראַטן, באַטריגן.“

* *
*

אויף דר׳ערד אויפן באַרג־בּרעג דאָרט זיצט בּן־עדיה
אַ בּלאַסער, אַ מידער, פאַרשוואַכטער,
מיט אויגן בּרייט אָפן צום אונטערן באַרג צו,
ווייט קוקט ער אַוועק אַ פאַרטראַכטער.

אין צירקל פון מחנות אַראַבּער, צווישן
די זעלנערשע בּיידלעך אין סאַכן,
דער קעניג כאָריט איבּן־שאַמיר דערשיינט דאָרט,
סאָלדאַטן געטריי אים באַוואַכן.

עס פאַלט אויף די קני צו די פיס פונם קעניג
באַדוראַ, פאַרוויקלט אין שוואַרצן,
טויט־ווייס איז איר פּנים, די צעפּ ווילד צעשויבּערט,
בּר־אוראַן דריקט פעסט זי צום האַרצן...

„אָ, קעניג, ס׳איז גרויס מיין חרטה, דערלויבּ מיך
צו בּרענגען דאָס קינד צו זיין מאַמען.
דער משחית, וואָס וואַגט צו דערמאָרדן דעם ליבּלינג,
מוז טויטן אויך מיך דאָ צוזאַמען!״

* *
*

אַ בּליץ פון אַ שווערד... אַ געשריי פון באַדוראַן,
צעמישט מיטן קינדס „מאַמע!״ שרייען — — —

צוויי מאָל נאָך אין לופט הויבט די שווערד זיך און בלישטשעט,
און ביידן צעהאַקט גיך אין דרייען.

דער וואַרעמער בלוט=שטראָם פון זיי הויך צעשפּריצט זיך,
באַדוראַס קאָפּ ווייט איז יעפלויגן...
איר האַנט פּרעסט צום ריסט בר=אוראַס שיין קעפּל...
אַ שרעק דריקן אויס זיינע אויגן...

---

# װ אָ ג ל ו נ ג

געדרוקט אין אַ קלײן העפטל

„לידער", 1909

# וואָגלונג

1

אין רוסישן האַרבסט, ווען עס דעקן־צו כמאַרעס
די פעלדער און וועלדער און גאָרטן;
ווען עס שיידן זיך בלעטלעך פוןביימער און פאַלן
ווייט ווייט, דורכן שטורמווינט, דאָרטן —

דאַן בין איך, אַזוי ווי די וועלקענדע בלעטלעך,
צעזייטע, צעשפּרייטע אין דרויסן,
געצוווּנגען געוואָרן דורכן שטורם פון לעבן
פון היימלאַנד צו ווערן פאַרשטויסן.

2

עס זענען די פריינט און חברים
גּעקומען צום באַן מיך באַגלייטן,
און האָבן געוויינט און געכליפּעט
אַזוי ווי מען וויינט אויף אַ טויטן.

נאָר איך האָב קיין טרער נישט פאַרגאָסן,
געשטאַנען פאַרשטיינערט, אַ מידער,
די טרערן — דאָס האָב איך געלאָזן
צו שרייבן די וואַנדערונג־לידער . . .

3

פאַרטרויערט קוקט מײַן צימערל
באַלד לאָז איך עס אַליין.
עס דוכט זיך מיר: עס פילט עס גוט,
אַז כ׳וויל פון אים נישט גיין.

און עס איז קיין וווּנדער נישט,
מײַן צימער ווייס מײַן פּיין
און דעם צער, וואָס איך האָב,
וואָס כ׳קאָן מער דאָ נישט זײַן...

עס האָט געהערט אָפט: איך פאַרדאַם
דעם בייזן לעבנס־סטיל —
פאַר וואָס עס קען נישט זײַן דער מענטש
דאָרטן ווו ער וויל...

4

ס׳לויפט דער באַן מיט ווינט און צאָרן...
פעלדער, וועלדער לויפן אויך;
איך באַטראַכט: וואָס איז געבליבן
הינטער מיר?... אַ דיקער רויך! — — —

ס׳הויבט זיך הויך דער רויך און דרייט זיך
און ער ציט זיך אויס ברייט לאַנג.
כ׳שטיי, באַטראַכט עס, ד׳אויגן טרערן,
און מיין האַרץ איז טריב און באַנג.

אַלע חלומות און פאַנטאַזיעס
פון דער צייט פון יוגנט־גליק
זענען מיט דעם רויך פאַרשוווּנדן,
נישט צו קומען שוין צוריק.

5

מיין פריינדין קוקט אויף מיר און שווייגט,
ס׳איז מער נאָך ווי גערעדט:
צי וועלן מיר זיך ווען נאָך זען?
צי וועט נישט זיין צו שפּעט?

שכל האָט מיין פריינדין פיל,
זי שווייגט טאַקע דערפאַר,
ווייל העלפן וועט איר ריידן נישט,
ווי גרויס עס איז איר צער;

נאָר דורכן פענסטער זע איך זי,
ווען זי זיצט אַליין,
זי האַלט מיין בילד און רעדט צו אים,
צעגייט אין שטיל געוויין.

6

זייט געזונט, מיינע חברים,
מוטיק שטאַרק זייט צו פֿאַרטראָגן
די קלעפּ פֿון פֿאָטערלאַנד... האָט כּח
די שוואַרצע פֿיינט צוריק צו שלאָגן..

זייט געזונט, טרייע חברים,
איר האָט גרויס מוט אין קאַמף באַווייזן,
אין מלחמה פֿאַר דער פֿרייהייט.
איך קוק אייך אָן ווי וווּנדער־ריזן.

אויסגעפֿאַלן איז מיין גורל,
אַז איך זאָל פֿאַרוואָגלט ווערן,
אָבער דאָס וועט מיין טרייקייט,
פֿריינט, צו אייך קיינמאָל נישט שטערן.

און אַ תּפֿילה אין מיין האַרצן
וועל איך שטענדיק פֿאַר אייך האַלטן:
באַזיגן זאָל איר די טיראַנען,
אָפּרעכנען זיך פֿאַר אַלע ג׳וואַלטי! — — —

7

איך בין מיך געקומען געזעגנען מיט דיר,
דו טייכעלע, פריינט מיינער טרייער!
דו ביסט מיר אין יוגנט געווען אַזוי ליב
און האַרציק און נאָענט און טייער.

פיל סודות האָב איך דיר פאַרטרויט, און דו ווייסט
די פרייד און די לייד פון מיין לעבן.
אין עלנט און אומעט און צער־מוטנעקייט
האָט טרייסט מיר דיין קלאָרקייט געגעבן.

און ווען מיין יונג האַרץ איז געוואָרן מיר שווער
פון ליבע־יסורים, וואָס נאָגן,
אין שויס ביי דיר פלעג איך עס אויסליידיקן,
און לייכט פלעגט מיר ווערן צו טראָגן.

געגריסט זיי, ליב טייכעלע, זיי מיר געגריסט
מיט דיינע צאַרט־בלאָנקענדע וועלן,
וואָס שעפטשען טריי־חבריש סודותדיק ליב,
איר וועט מיר אין וואָגלונג שטאַרק פעלן.

* *

*

עס שווימען דאָ פישעלעך שטיל מיטן שטראָם
אין טייך אין דעם ברייטן און לאַנגן.
אָ, אָרעמע פישעלעך, ס'קומט אָן אַ שיפל
און פישער... זיי קומען אייך פאַנגען...

די פישער זיי שיפן זיך לאַנגזאַם און זינגען,
עס הילכן ביים ברעג אָפּ די שטימען:
... „שווים, שיפעלע, גיכער, דער רודער איז זיכער,
נאָר גלייך מיטן שטראָם מוז מען שווימען!" — — —

און ס'זעט זיך פון ווייטנס דאָרט טראָגט זיך אַ פּליט,
די וואַל־בערגלעך וויגן עס, הויבן.
אַ פייערל ברענט אויפן פּליט, און אַ רויך
שלענגלט זיך, ציט זיך פון אויבן.

די פּליט־טרייבער זינגען מיט מוטיקן קול:
„... פאַראַנען פיל וואַסער־בערג שרעקלעך...
אויך קאָכיקע שטראָמען פון קעסל־גריבער
צעשמעטערן פּליטן אויף ברעקלעך...

... נאָר מיר, בראַווע יונגען, מיר זענען געניט —
מיר קענען דערמיט זיך באַרימען —
מיר זענען באַקאַנט מיט דעם וואַסער־וועג גוט,
צוגלייך מיטן שטראָם מיטצושווימען..."

זיי זינגען און קלאַפן די הענט... און עס קלאַפּט
צום טאַקט אויך מיין האַרץ פול מיט ווונדן.
ס'מיר שווער זיך צו שיידן פון טייך, וואָס מיט אים
ז'מיין היים און מיין יוגנט פאַרבונדן...

נאָך אַ קוק!... דאָרשטיק שלינגט ס'אויג ס'מיינס דעם טייך,
די שטימע פון ווייט לאָזט זיך הערן:
„... מיטן שטראָם מוז מען שווימען!"...
און ס'קומט אָן אַ שטראָם,
אַ שטראָם הייסע, ביטערע טרערן.

**8**

זי האָט מיר געשיקט אַ געזעגעניש בריוול,
אַ גאַנצע מגילה, פול שכל און האַרץ:
„... איך זע נישט קיין גוטס אין דיין אויסוואַנדערן,
איך זע נישט קיין ליכטיקס, איך זע נאָר גאַנץ שוואַרץ...

עס טוט אַזוי וויי, וואָס דו לאָזט זיך אַוועק
צו וואָגלען אין דער פרעמד, ווייל דו האָסט נישט קיין קראַפט
אינדערהיים אויסצוקעמפן אַ פּאַסענדן ציל
דערפאַר האָסטו מיר און דיר ליידן פאַרשאַפט...

גאָר אַנדערש האָב איך דיר געקענט און באַטראַכט,
נאָר אָפּגעענטפערט האָט מיר מיין רעיון, מיין בליק.
זיי געזונט, וואָגלער! צוזאַמען מיט דיר
פאַרוואָגלט ווערט אויך אונזער האָפנונג אויף גליק"...

## 9

פול געפּאַקט איז איצט מיין צוג
פון פיל יידישע עמיגראַנטן,
וואָס אַנטלויפן פון דער היים
צעשפּרייט צו ווערן אויף אַלע קאַנטן.

מען דריקט זיך און מען קוועטשט זיך שטאַרק,
און עס איז גאַנץ ענג און וואַרם,
שווער צו ציען דאָ דעם אָטעם,
א געפּילדער און א לאַרם.

ס'רוקט זיך אָן א טריבער אָוונט,
ס'ווערט די לופט אַלץ ענגער, ענגער,
קליינע לעמפּלעך לייכטן כלומרשט,
שוואַרצע שאָטנס ווערן לענגער.

דאָך צופרידן זענען אַלע,
אין „דערהיים" איז אויך נישט בעסער,
מ'איז שוין צוגעוווינט צו דריקונג,
און די טונקעלקייט איז גרעסער...

ס'אַרט גאָר נישט די עמיגראַנטן
נישט די ענגשאַפט, נישט דאָס שרייען;
וואָס באַטרעפט דאָס ביסל ליידן?
אַבי מען וועט זיך באַלד באַפרייען...

10

ווי שטומע אָבער פרייע פריינט,
קוקן טרויעריק מיינע ביכער.
צו שיידן זיך מיט אייך, געליבטע,
בעסטע פריינט, אָ, קרענקט מיר זיכער.

איר זייט געוועזן מיין גרעסטער טרייסט
אין מיין עלנט אין דעם שווערן;
וויפיל מאָל האָט אייער בוזים
איינגעזאַפּט שטיל מיינע טרערן!

11

דורך מיין צימערס פענסטער קוק איך
און באַטראַכט מיין שטאָט מיט פּיין,
ס׳גלאַנצן שוין די טורמע־דעכער
אין אומגעריכטן זונענשיין.

מענטשן איילן, מענטשן לויפן,
פיל באַקאַנט און אומבאַקאַנט,
עס שלעפּט זיך טריט ביי טריט אַ יידענע
מיט אַ הערבל אין דער האַנט.

זי בעט האַלב־וויינענדיק: „קויפט בייגל,
קיכעלעך פון בעסטן סאָרט!"
עס נעמט מיר אָן שמערצלעך ביים האַרצן
איר יעדעס קרעכצעדיקס וואָרט.

הענדלער שטייען ביי די טישלעך
און זיי וואַרטן אויף אַ קונד.
עס רייט אָן אַ פאָלק קאָזאַקן
אויף לייכטע פערד הויך און געזונט.

ס׳הויבן הויך זיך פּיקעס, קנוטעס...
די הענדלער שרייען, אַ שרעק, אַ מורא;
נאָר באַלד ווערן פאַרשטומט די הענדלער,
און צעראַבעט איז זייער סחורה...

12

עס קלאַפּט און רוישט דער באַן געוואַלטיק,
ער פּייפט מיט כּח, יאָגט און ציט,
איך קוק אַרויס פון פענסטערל,
אַ דאָרף לויפט גיך פאַרביי — עס פליט!

עס שפּאַרט זיך דורכן פענסטערל
אַ שטראָם פון פעלד־לופט פריש און פריי,
עס פרייט מיין האַרץ זיך און ס'גלוסט מיך
אַרויסשרייען מיין פרייד. איך שריי:

„געזונט זאָל זיין דער דאָרף, די פעלד,
דער וואַלד, די גרינע בערג און טאָל!
איך בין פאַרשטיקט געווען אין שטאָט,
איך זע גאָטס פּראַכט צום ערשטן מאָל".

„זייט געזונט, איר היימאַט־דערפער,
מיט חיותדיקער נאַטור אַרום,
בענטשן וועט אייך מיין נשמה
אין יעדער צייט און אומעטום".

„און שילטן אָבער וועט עס שטענדיק
די רשעים בייז און האַרט,
וואָס האָבן פון דאָרף מיך אָפּגעריסן
אין ענגן שטעטל מיך פאַרשפּאַרט..."

13

דאָס שיף האָט צעשריען זיך קלאָגענדיק הויך,
צו שיידן זיך גיט עס אַ צייכן,
צום לעצטן מאָל, פריינדין, אָ נעם מיך אַרום,
דו וועסט מיר שוין באַלד נישט דערגרייכן.

אָט באַלד וועט מיר זוכן דיין פייכט־מילדער בליק,
עס וועט אָבער מיך נישט געפינען.
אויב אין מיין האַלזונג געפינסטו נאָר גליק,
געניס עס שטאַרק, איידער סט׳צערינען!...

14

ס'רוקט זיך אָפּ די שיף פון האַפן,
די באַגלייטער בלייבן שטיין.
פון אָפּשיידס־ווייטיק פלאַטערט ס'האַרץ,
און עס פּרעסט־צו א געוויין.

לאַנגזאַם שווימט די שיף אַלץ ווייטער.
„זייט געזונט, איר ליבע לייט!"
שרייען מיר; און ס'גרייכט אַן ענטפער׃
„גליקלעך רייזט און גליקלעך זייט!"

באַגלייטער פאָכן ווייסע טיכלעך,
הייבן הויך די הענט און היט׃
אַנדערע דאָרט ווארפן קושן;
און די שיף ציט גיכער. ציט...

רעוואָלוציאָנערן זינגען,
פרייע לידער קלינגען לויז,
די זשאַנדאַרמען אויפן האַפן
הערן עס און ווערן בייז.

— „רוסלאַנד, ווערסט רעגירט פון הענקער,
ביסט דורך זיי געדריקט, געפּלאָגט" — — —
שאַלן הויך די שטאַרקע שטימען;
און די שיף טראָגט ווייטער, טראָגט.

אין דעם באַלטישן ים־טיפניש
קאָכט און שטורעמט, ס'איז אַ שרעק!
דאָך אַרטס אונז נישט, נאָר אַז מיר יענען
פון די זשאַנדאַרמען שוין אַוועק!

15

אַ לוי־לינדע שיינע, אַ קלאָר־העלע נאַכט
האָט זיך צעשפּרייט איבער ים מיט איר פּראַכט.
די לבנה אין הימל צעלאָזט זיך אין טאַנץ,
אַראָפּקוקנדיק אינעם ים־וואַסער־גלאַנץ.

וואָס דינט איר אַלס שפּיגל, זי זעט איר געזיכט,
צעשפּרינגט פון התפּעלות פון אייגענעם ליכט...
ווילד־שטיפעריש הייבן די וואַלן זיך אויף,
אין ליאַרמען, אין ראַנגלען זיך קנוילן זיך צונויף.

אַ פרייד אָנצוקוקן דעם הימל קלאָר־בלאָ,
און דאָך איז אין האַרצן קיין שמחה נישטאָ,
עס איז פונם וואָגלען פאַרביטערט, איך בין
אַוועק פון דער היים, און איך ווייס נישט וווהין.

ווי קליין אין דעם מעכטיקן וועלט־תהום איך פיל,
ווי נישטיק מיין וואָגלען אָן חשבון, אָן ציל!...

16

דער ים האָט דעם וואָגלער אין שיפל פאַרוויגט,
דער ווינט האָט אַ שלאָף־ליד געזונגען,
די רוישיקע וואַלן צום טאַקט צוגעברומט,
דאָס ליד האָט אין האַרץ אים געדרונגען:

„... עס איז אַ רחמנות אויף דיר, עלנט קינד,
ביסט גאָר נאָך אין קינדערשע יאָרן,
דאָס צערטלען פון מאַמען האָט דיר נאָך געפעלט
און ביסט נע־ונד שוין געוואָרן.

מאַך צו דיינע אויגלעך און טראַכט, אַז אַ סוף
וועט קומען צו וואָגלונג און דריקונג,
און ס'זאָל דיר אַ חלום פון „מאַמען" און „היים"
דיר געבן כאָטש עפּעס באַגליקונג..."

17

לאַנגזאַם שווימט מיין שוואַכעס שיפל
צווישן גרויסע וועלן־טורמען — — — —
און עס שטויסן אים און בויגן
פון אַלע זייטן ווילדע שטורמען...

כ'באַטראַכט די שטאַרקע בייזע וועלן,
עס טרייסלט מיך פון פחד שרעקלעך...
ס'דוכט זיך: ס'האַלט די שיף צו ווערן
באַלד צעקראַכט אויף פיצלעך, ברעקלעך.

אין קאַיוטע קלאָגן ווייבער,
קינדער מאַכן אַ געפילדער,
ס'ווערן מענטשן קראַנק פון ים־קרענק...
און דער שטורם ווערט אַלץ ווילדער.

איך הער אַ שטימע קומט פון אויבן,
פול מיט יאוש און מיט בעטונג:
די מאַטראָזן, אָ, די פירער,
ליגן מוטלאָז... ווו ז'אַ רעטונג?...

## 18

פֿייגעלעך ווייסע באַווייזן זיך שוין,  
זיי זאָגן מיר אָן אויף יבשה, מיט מוט:  
— „אָ, עלנטער וואָגלער פֿון לאַנד פֿון פֿיל נויט,  
אַ גרוס דיר פֿון לאַנד, וואָס איז גוט!"

אָ, עלנטער וואָגלער, זיי זשע געגריסט,  
צו וואַנדערן קומט אויך אַ סוף,  
דו קומסט באַלד צום לאַנד, ווו עס שיינט העל די זון,  
שטאַרק זיך, זיי מונטער און האָף!"

19

...ווייטער איז אַרום נאָר וואַסער,
אָן אַן אָנהויב, אָן אַן ענד,
ווייטער בויט דער שטורם קונציק
הויכע ווייסע וואַסער־ווענט.

ווייטער טרייסלען אונז די וואַלן,
הויבן, שאָקלען אונז אָן רו,
נאָר דער מילדער בלאָער הימל
דעקט אונז מיט רחמנות צו.

אָ, דער הימל, דאָס איז אַלץ נאָר,
וואָס מיר האָבן אויף דער וועלט,
וווּ עס פעלט אונז רו און פרייהייט,
וווּ אַן אייגן אָרט אונז פעלט...

לענדער, אינזלען זענען מיר שוין
דורכגעפאָרן אָן אַ שיעור,
און מיר האָבן דאָרטן גאָרנישט,
נאָר דעם הימל האָבן מיר...

20

מיר האָבן פונווייטנס יבשה דערזען,
נחתדיק ווערט אונז אין זינען,
נאָך אַ לאַנגן אַרומשאָקלען זיך אויפן ים,
איז ליב פעסטן באָדן צו געפינען!

געפלאָכטענע שטיינבערג מיט וואָלקנס באַדעקט;
און אונטן אַ לאַנד דאָרט צעשפּרייט זיך
מיט פעלדער און וועלדער; אַ פּראַקטיקער שטאַנד!
דאָס האַרץ ווערט געהויבן און פרייט זיך.

נאָר פּלוצלונג טוט אָפּ זיך די שמחה פון האַרץ,
פאַרשווונדן דאָס ביסל נחמה,
דאָס לאַנד, וואָס מיר זעען אין שפּאַניען, דאָס וועקט
געפילן פון האַס און נקמה.

די שיף רוקט זיך נאָענט אויף שפּאַניען אַרויף,
עס ווערן באַטריבט די געפילן.
פאַרבאָרגענער צאָרן צעקאָכט זיך אין אונז,
מיר שעפּטשען אַ קללה אין דער שטילן...

21

אין אַפריקעס שטילע פאַרבענקטע פאַרנאַכטן,
ווען זון און ערד שיידן זיך וואַרעמלעך ליבלעך,
ווען בערג־שפּיצן צינדן זיך אָן רויט אין פלאַמען,
און הינטער די בערג פאַלן נאַכט־שאָטנס טריבלעך.

דאַן צאַפּלט זיך ס׳האַרץ אַזאַ עלנט פאַרקלעמטע,
עס גייט אויס פון צער און בענקעניש־דראַנגען,
עס ווילט זיך צעוויינען, אויפן קול זיך צעשרייען
פון נאָגענדע, נישט קיין דערפילטע פאַרלאַנגען...

עס דוכט זיך: צוגלייך מיט דער זון, וואָס גייט אונטער,
פאַרזונקען די שוואַכע פאַרבליבענע פונקען
פון האָפנונג אויף לוין פאַרן שווערן לאַנג ליידן
און טרייסט פאַר דער מענטשהייט אין נויט־זומפּ פאַרזונקען...

געליבטע, בלייב נאָענט צו מיר, ביי מיין האַרצן
דעם אומרויקן, פון באַגערן פאַרשמאַכטן...
מיט ליכטיקער זוניקער ליבע דערקוויק מיך
אין אַפריקעס שטילע פאַרבענקטע פאַרנאַכטן...

# ווינטער־לידער

1

געקומען איז דער ערשטער שניי,
און עס נאָגט דאָס האַרץ אַזוי,
דער פראָסט מיט זיין אכזריות־מאַכט
אַ תל פון אַלע בלומען מאַכט...

ער לייגט אַרויף אויף גאַנץ באַשטאַנד
אַ ברייטע גראָבע קאַלטע האַנט;
און שטיקט מיט שווערן אייז־געדיכט
אַלץ וואָס פול איז זונען־ליכט...

קאַלט זיין האַרץ און קאַלט זיין בלוט —
האַסט ער לוסטיקע זומער־מוט,
האַסט ער וואַרעמע גליקן־פרייד;
ברענגט ער מענטשן נויט און לייד...

עס איז ביי אים אין האַרץ פאַראַן
אַ שנאה צו דעם אָרעמאַן, —
ווייל האַלב נאַקעט, נישט באַשוכט,
שרייט ער קעגן פראָסט און פלוכט...

רייסט ער זיך אין אביונס הויז,
לאָזט דאָרט ווילד זיין כעס אויס,
בייסט מיט שאַרפע קאַלטע ציין
טיף אין לייב אַריין ביז ביין.

דערפאַר, ווי ס׳קומט דער ערשטער פראָסט,
דער אביון הייסע טרערן לאָזט.
נאָר אומזיסט!... פון הייס געוויין
דער האַרטער פראָסט וועט נישט צעגיין...

2

אויסגעטאָן די גרינע קליידער
האָט דער שיינער ווילדער וואַלד;
אונטער שלאָף־לידער פון שטורם
האָט ער איינגעשלאָפן באַלד.

נאַטור, די זאָרגעדיקע מאַמע,
אין איילעניש כאַפּט, דעקט אים צו
מיט אַ שניי־ווייס דיקער קאָלדרע,
דערלאַנגט אַ גלעט אים: „שלאָף אין רו״!

ליגט דער וואַלד אין שלאָף אין טיפן,
איינגעקאָרטשעט, שטייף און שטום
איבערן קאָפּ די ווייסע קאָלדרע;
טויטע שטילקייט הערשט אַרום.

דאָך טרעפט עס אָפּט, אַז ס׳חלומט זיך אים:
די געליבטע זון קומט שטיל,
רירט אים ליבלעך אָן און קושט אים,
דערוואַרמט אים מיט הייס געפיל.

דאַן קומט פון וואַלד אַ ברומעריי,
אַ שטורם־וואָיעניש אָן סוף,
אַ הוזשעריי, אַ קרעכצעניש —
דאָס ווייניט גערירט דער וואַלד פון שלאָף...

בערלין, 1913

# סאָנעטן

1

דו ביסט אין מיין טונקעלן לעבן אַריין,
אַזוי ווי אַ זונשיין אין טונקעלן טאָג,
פאַרכמאַרעט געוועזן איז מיין האַרץ דאַן מיט קלאָג,
און פּלוצלונג געקומען דיין גליקפולער שיין!

פון שיין איז געוואָרן אַזוי ליכטיק העל;
אַזאַ פרייד האָט געווייעט אַרום און אַרום.
איך שטיי אַ פאַרליבטער, פון פרייד אַזש שטום,
דאָס האַרץ הויבט זיך לוסטיק, איך קוועל!

דיין פּנים דער קלאָרער און ווייסער פון מילך
מיט פריש עפּל־רויטקייט איז מילדלעך באַצירט.
כ'האָב כּישוף־חן אין דיינע אויגן דערשפּירט.

געדירט קלאַפּט מיין האַרץ מיט אַ גליקלעכן הילך...
טאָ קלאַפּ! זינג אַרויס איצט מיין גליקנגעשריי! —
אַנישט וועסטו פּלאַצן פון ליבעשן ווײ.

2

אַ יאוש פֿאַלט אָן אויף מיין האַרצן דעם שווערן,
עס פרעסן און עגבערן ספיקות דאָרט טיף,
עס נאָגט מיר אַ טריבקייט... גאָר אָן אַ באַגריף,
פֿון וואַנען דאָס שפּאַרט אַזאַ אומעט און טרערן...

עס צאַפּלט דאָס האַרץ און עס וויל זיך צעקלאָגן,
איך קען נישט געפינען די סיבה פֿאַרוואָס,
איך ווייס נאָר, מיר איז אין נשמה כאַאָס;
און שווער איז די לאַסט מיר פֿון טרויער צו טראָגן!

איין שמייכעלע דיינער, מיין ליבסטע, באַלעבט
מיין זינקענדע ברוסט, און עס פלאַטערט און שוועבט
דערהויבן מיט גרויסע התפעלות פון דיר — — —

פון ליבלעכן ריטמישן פלאַטער, מיט מאַכט
פון איר מרה־שחורהדיק דרעמל דערוואַכט
מיין נשמה, באַוועגט זיך מיט שמחה אָן שיעור.

און וויסנדיק, ליבסטע דו, זוניקע, פרייע,
אַז דו ביסט די סיבּה פון ליד, וואָס איך שרייב —
סלינגט ליב מיר מײַן אייגענס וואָרט; און איך קלײַב
דערמוטיקונג־נחת און כּחות גאָר נייע...

ווײַל אַלע געווייטיקטע זיפצן און קרעכצן,
די, וואָס מײַנע שמאַרציקסטע שורות אָנפילן,
זיי קומען פון שמאַכטן נאָך דיר אין דער שטילן,
פון ליידן, פון זודיק באַגערן, פון לעכצן...

דערפאַר איז מיר טייער און זיס מײַן לידס קלאַנג,
אַזוי ווי ס'איז זיס מיר דער פּיין און פאַרלאַנג
און צער פון האָפן, נאָך אפשר אָן ציל...

ס'באַהערשט מיך אַ גוטער בּטחון: ווערסט זען
אין יעטווידן וואָרט מײַן לוסט־ווונטשן ברען — —
ס'ועט וועקן און וואַרעמען דײַנע געפילן — —

4

ספקותדיק איז מיר דיין ליבע... נו, מאַך איך אַ סימן:
איך רוף דיך זאָלסט קומען, כאָטש דו זאָגסט, אַז „ניין" !
איך בעט זיך תחנונים: „אָ, קום זשע צו גיין.
מיין האַרץ קאָכט און שטורמט ; איך מאָן: דו מוזט קומען" !

און וועט זיך דיין האַרץ דורך מיין רופן באַוועגן,
אַזוי ווי די צאַרט־ווייסע בלומען אין פעלד
דורך ווינטלעך זיך רירן — — — קיין זאַך אין דער וועלט
נישט אָפּהאַלטן וועט דיך — וועסט קומען אַנטקעגן...

נאָר העלפט קיין געבעט נישט, מיין רעדן, מיין שרייבן,
און וועסט אויף אַן אָרט אומבאַוועגלעך גאָר בלייבן —
דאַן ווייס איך באַשטימט, אַז ס'איז שלעכט.

דאַן ווייס איך דעם אמת: נישטאָ וואָס צו האָפן,
פאַרדינסט נישט מיין ליידן, דיין פאַלשקייט איז אָפן ;
פאַרדינסט נישט מיינע שלאָפלאָזע נעכט.

5

מען רינגלט דיך שטענדיק אַרום און מען היט דיך.
דיין ליבנדער פֿאָטער, אַ שומר אַ גוטער,
ער האַלט דיך פֿאַרשפּאַרט אין זיין הויז, דיך צו שיצן;
אַ טייערע וואַך איבער דיר האַלט דיין מוטער.

זי האָט דיר געלערנט: „מיט מענער נישט רעדן!
קיין מענערשע ווערטער נישט גלויבן, זיי ליגן;
און שווערן זיי דיר טרייע ליבע צו געבן
און בעטן דיין ענטפֿער, — מיין קינד, זאָלסט שווייגן"...

טריי טעכטערל, האָסט איר געפֿאָלגט און געשוויגן...
דו האָסט מיך געזען צו די פֿיס דיינע ליגן,
איך קוש דיינע טריט און איך גלעט דיך און צערטל;

זאָג איין ליב וואָרט... ס'ליגט מיין לעבן אין האַנט דיר!...
דו קוקסט מיך אָן שטיל און דו וויינסט זיך פֿאַנאַנדער
נאָר רעדסט נישט קיין ווערטל...

6

ער האָט פאַרגעטערט איר שיינקייט און קלוגשאַפט;
און זי האָט געאַכט אים צוליב זיין טאַלאַנט.
ער האָט געליבט מיטן ברען פון זיין יוגנט,
און זי האָט באַטראַכט אים אַלס אינטערעסאַנט.

ער האָט געליטן, געוויטיקט, געקרעכצט,
געזיפצט פון ליבע־יסורים — אַ גרויל!
און זי פלעגט אים זאָגן: „איך ליב אייער שרייבן"...
און קאַלטלעך פלעגט שמייכלען דערביי דאַן איר מויל.

עס האָט זיי דאָס לעבן מיט רוגזה און צאָרן
פאַנאַנדערגעריסן אויף פיל לאַנגע יאָרן;
דערנאָך זיי, צו להכעיס, צוזאַמען געבראַכט.

איר שיינקייט פאַרוועלקט און געפאַלן אין מוט.
איצט ליבט זי אים האַרציק און צערטלעך און גוט,
נאָר ער שמייכלט קאַלטלעך: „פון ליבע ווער טראַכט"?...

7

געוועזן דאַן זענען די גליקלעכסטע טעג פֿאַר אונז ביידן:
די נעכט — אַזוי הימליש און הייליק געוועזן פֿאַר אונז דאַן,
ווען טיפֿער באַהאַלטענער סוד איז געוועזן נאָך אונזער ראָמאַן,
געטראַכט און געטראַכט נאָר, דאָך גאָרנישט
געוואַגט דערפֿון רעדן.

מיר האָבן פֿאַרשוויגן מיט אָנשטרענגונג שווערער, מיט ציטער,
יסורים די, וועלכע מיר האָבן געטראָגן אין ברוסט,
די יונגע חלומות אויף גליק־צייט, דערפֿילונג פֿון לוסט...
און יוגנט־דערפֿאַרונג מיט טעם אי זיסלעך אי ביטער...

אויף גליקלעכע רגעס מיר האָבן געוואַרט אַלץ צו רעדן
התלהבותדיק גאָר אָן אַן אָפּהאַלט אין חדוה אין פֿריידן,
אַזוי פֿיל ענינים די הערצער פֿאַרמאָגן! — — —

און נאָך לאַנגן ליידן און צרות און שטרייטן און פֿיינען
מיט ליידיקע הערצער צוזאַמען געקומען מיר זענען —
וויסט, פּוסט און פֿאַרשטומט, גאָר נישטאָ וואָס צו זאָגן...

8

אין פרעמדלעכער סביבה אַריין מיך געצויגן
האָט ס׳מזל אַזוי אומגעריכט, אומדערוואַרט,
די מענטשן אַרום אַזוי קאַלט, אַזוי האַרט;
דערפאַר אַזוי ווארם מילד־ווייך דיינע אויגן!

אַ פריילעכער חברה אַרום איז געזעסן,
געזויפט און געפרעסן מיט פול בּרייטן מויל,
מיט גראָבער הנאה געלאָבט זיך — — — אַ גרויל!
עס האָט דיך געעקלט, געפרעסט און דערעסן.

דיין חן־שטראַליק בּליקן און ליכטיקע מינעס
צעגאָסן זיך האָבן אין תפילות און תחינות,
וואָס זענען מיר טיף אין מיין זעל איינגעדרונגען...

— „צאַרט־ריין מיין נשמה, דו מוזט זי דערלייזן!
זי איז נאָר דורך בּיטערן מזל דעם בּייזן
אַזוי ווי שכינה אין גלות בּאַצוווּנגען״ — — —

9

מײַן רצון איז באַקעמפט געוואָרן ווילד טיראַניש,
פֿון בײַזן לעבן אין אַ פֿאָרם פֿון אַ מענטשן,
צו זײַנע כאַמישע מעשׂים נישט געווען קײן גרענעצן,
ער האָט באַזיגט מיך און גערײצט זיך שאַרלאַטאַניש...

אַרויסגעשטעקט פֿון צווישן צײַן צעפּוילטע
זײַן צונג די לאַנגע האָט מנוולדיק געפּלוידערט,
אַזוי אַז מײַן נשמה האָט גאָר אויפֿגעשוידערט
אַ פֿאַרוואונדעטע, פֿאַרצאָקטע, אַ צעגרוילטע...

— „אין נעץ אַרײַנגעפֿאַלן ביסטו ווי אַ פֿישל,
דו צאַפּלסט זיך און רײַסט זיך... ס'איז אָבער שפּעט אַביסל...
דאָס טירל פֿון מײַן נעץ אַרײַנצוגײן — אַ ברײטס;

אַ שמאָלס אָבער איז עס גאָר פֿון איר אַרויסצוקריכן;
אַפֿרײַער וועט דײַן שטערן קנײטשן, דײַן קאָפּ וועט פֿליכן...
נאָך וואָס אַהער ביסטו געקראָכן, שוטה"?...

## 10

איר ביידע האָט דערפרישט פאַרשטאַרקט מיר מיינע כחות,
געמוטיקט צו דערטראָגן וואָגלונגס שווערקייטן.
איר ביידע: ד׳זון און דו! — מיט הייסע צערטלעכקייט
און אייביקע געטרייקייט, וועלכע וואַרם, ווייך איז.

צי וואָלט איך גאָר דערטראָגן אָט די וויסטע ווילדקייט,
אין עלנט, מיט פאַרקלעמטן האַרצן — אָן אייך ביידן?
די זון — מיט אירע שטראָמען הייסע ליכט און פריידן;
און דו, מיט דייז נחמהדיקער ליבשאַפט־מילדקייט.

איר ביידע האָט גערעדט צו מיר אַזוי צו זאָגן:
— „די וואָגלונג וויל דיין יוגנט־פרייליכקייט פאַריאָגן,
דיין גלייכן שטאָלצן רוקן הויקערן און בויגן...

טאָ היט דיין גייסט, וואָס פלעגט נאָך זונענשיין זיך יאָגן!...
דורכדעם וועסטו אַריבערטראָגן גלות־פלאָגן
און אויפהאַלטן די קלאָרקייט־ליכט אין דיינע אויגן.

## 11

אין שטאָט פון „גוטער האָפנונג" האָב איך דיך פאַרלאָזן,
געבראָכן האָט מיין האַרץ; נאָר כ'בין געווען געניט.
דער אָפּשייד איז מיר שווער געווען אָט ווי דער טויט.
מיט טרערן כ'האָב באַנעצט דיין גאָרטנס רויטע ראָזן...

דער כּישוף־טייכל „העקס", באַהאַלטן צווישן גראָזן
מיין צער האָט מיטגעפילט און „ווייי" געמורמלט שטיל;
און שפּרודלענדיק אַ טרייסט אַרויסגעשטראָמט מיר קיל...
אָ, זיפצן שווערע כ'האָב ביים טייכעלע געלאָזן!

פאַרנומען האָט מיין בענקשאַפט אויך דער וואַלד ביי ווּסטער,
פאַרחלומט, יונג און פריש און צו דער זון געלוּסט ער...
נאָר שטום אנטפאנגען האָבן מיך די בערג ביי פּאַרל – – –

די הויכע פעלזן־בערג, די שטאָלצע, גראָע אַלטע,
די שניי־באַדעקטע קעפּ באַקוקט מיך האָבן קאַלטע,
מיט בייזקייט פון זקנים אָפּגעשפּאָט: „פאַרליבטער נאַרל"!...

.12

דו ביסט אַביסל לאַכעדיקס הומאַניטעט!
די זאַפט פון גוטסקייט, ליבע, פולע מאָסן,
האָט גאָט פון חסד אין דיין האַרץ אַריינגעגאָסן,
דערביי זיין רחמים־האַנט האָט ס׳פּנים דיינס געגלעט...

דערפאַר איז אַלץ דיין אויג נאָר שיינס, נאָר גוטס זעט,
דערשפּירסט אין אַלץ אַ פונק, וואָס איז נאָר ליבלעך געטלעך,
לאַכסט אויס די וועלט׳שע בייזקייט, דו מאַכסט
עס דיר אומשעדלעך –
מיט ליבע, וואָס אין דיר מיט טויזנט צינגער רעדט!

און אַלע קריוודעס, וואָס דאָס לעבן האָט אויף דיר געדרעגנט,
האָסטו מיט ליבסטן שמייכעלע פול גוטסקייט נאָר באַגעגנט ––
און האָסט אַ זיכערן נצחון אַלץ געוווּנען...

דער האַרטסטער רשעות־אייז פון קאַלטסטן האַרץ דעם שטאָלצן,
וועט דורך דיין אייביק לעבעדיקער ליבע גאָר צעשמאָלצן...
ביסט לאַכעדיקע ליבשאַפט, שיינסט ווי זיבן זונען!

13

אין מיטן פֿון די ברוינע פֿעלדער אויסגעסאָכנעט, פּוסט,
אַ גרינער גאָרטן, ווי אין מדבר אַ אָאַזיס,
באַשיצט מיך אָפּט פֿון זון־ברען און פֿון שטורמס עזות,
דערמאָנט מיין יוגנט מיר, ווען כ'האָב פֿון וואָגלונג
נישט געוווּסט.

ווען ברייטע חיותדיקע קאָרן־פֿעלדער פֿריש און גרין
דאָרט אומעטום, ווו כ'בין געשטאַנען און געגאַנגען,
געגלאַנצט האָבן, צולעבּט מיט חדווהדיקע קלאַנגען,
געאָטעמט מיטן שאַרפֿסטן לאָבונג־ריח פֿון יאַסמין.

און פֿאַשע־פֿעלדער צוגעדעקט מיט הויכן גרינעם היי,
געשפּרענקלט מיט „פֿיאַלקעס", מאַרגאַרעטהעלעך" אויף זיי
די פֿערד און קי זיך פּיטערן וויגאָדנע היימיש...

זיי בראָדזשען טיף איבער די קני אין בלומען אַלערליי,
וואָס שפּעדיק געדיכט און זיכער וואַקסן זיי אַזוי,
אַז ס'קענעז זיי גאָר נישט צעטרעטן פּיס פֿון בהמות...

14

דאָס גאָלדענע קאַנאַריקל, פאַרשפאַרט אין אייזן־שטייגל,
האָט לאַנג געזונגען ס׳ליבע בענקשאַפט־ליד צו פריינט און היים,
געקלאָגט אויף איר פאַרלאָזן נעסט און זון־געקושטן בוים
מיט ווייכן הימל־טוי־זאַפט אָנגעזופטן צווייגל...

אין גלות לאַנג זיך צוגעוווינט צום צווייגל אָט דעם האַרטן,
וואָס אונטער אירע פיסלעך האָט יסורים איר פאַרשאַפט...
די זיסע האָפנונג אויף איר פרייהייט — יאוש האָט פאַרשלאַפט...
זי זינגט און שפרינגט באַקוועמלעך אויף דעם
צווייגל דעם פאַרדאַרטן...

* * *

דערבליקט זי אָבער אונטן דאָרט, די שוואַרצע קאַץ איר לויערט
מיט ווילדן הונגער־בליק... דאַן זינגט ס׳קאַנאַריקל פאַרטרויערט,
פאַרבענקט נאָך היים און ליבע און נאָך פרייהייטס גליק..

— „צוריק... צוריק... צוריק!..." — צעגייט זי אין געזאַנגען =
„...צו וואַלד־לופט, וואָס פאַרשכורט... צו פרייע
פויגל־קלאַנגען...

צו בשמים־פעלדער, אָ... צוריק... צוריק... צוריק" !...

---



אַריינגאַנג צווישן די בערג ביי „שוואַרטבערק־פּאַס"
פּרינץ־אַלבערט. קאַפּ. אַפריקע

(אייל־בילד מ. שייאַנעפּול)

# דרוק פעלערן.

דער מחבר דריקט אויס זײַן צער — און בעט די לייענערס מחילה — פֿאַר די פיל פֿאַרדריסלעכע דרוק-פעלערן, וועלכע זיינען אריינגעפֿאַלן אין בוך, און וועלכע זיינען לידער געבליבן אומבאַמערקט און אומפֿאַריכט אין טעקסט, צוליב דער ווייטקייט צווישן מחבר און דרוקער, וואָס פארליינגערט דאָס צוזאַמענריידן זיך אויף גאַנצע עטלעכע וואָכן.

| זייט | שורה | דרוק פעלער: | ס'דאַרף זיין: |
| --- | --- | --- | --- |
| 37 | 4 | "ווי אַ ציג" — — — | ווי אַ ציג איז נישט. |
| 51 | 18 | "סנאַפדראַנאגען" | סנאַפדראַנגאָנען. |
| 58 | 19 | "פינין" . . | פיגין. |
| 81 | 4 | "צו ווילדע" — | צו די ווילדע. |
| 86 | 14 | "גראשנדלעך"... | גראבנדלעך. |
| 90 | 16 | "אָנגעשטראָמטע" | אָנגעשטראַמטע. |
| 106 | 4 | "פאראַכטעסט" | פאַראַכטסט. |
| 120 | 6 | "אַ צווייט" | אַ צוויי-קעפיק. |
| 122 | 12 | "רייף" | רייך. |
| " | 2 | "געבלישטעסט" | געבלישצעט. |
| 133 | 2 | "פארפאלקאמט" | פארפולקומט. |
| 130 | 12 | "צו וויטע" | צעוויטע. |
| 133 | 21 | "ס'וואָלט געווים"... | ס'וואָלט געווים געווען אים לייכטער |
| 152 | 20 | "ס'צוטרויע" | ס'צוצטרויען. |
| 187 | 19 | "ווי אַ דורשטיק" | ווי אַ דורשטיקער פארשוואַכטער. |
| 191 | 10 | "אָן אָפשטעל" | אָן אנאָפהאַלט. |
| 201 | 8 | "ווערי" | וועג. |
| 208 | 12 | "גרויע" | גרוים. |
| 221 | 22 | "שד'סשפיל" | שד'ם שפיין. |
| 226 | 19 | "גדלות גאר | גדלות גאר זעלטן. |
| 263 | 11 | "דאם אומגליקלעכע" | דאם צאַרט גליקלעך מיידל. |
| 266 | 21 | "דאָם האָט" | דאָם הויז האָט... |
| 270 | 21 | " פיל קאָם" | פולקום. |
| 287 | 5 | "430 יאר פאַר קריסט" | 545 יאר נאָך קריסט צ. ר. |
| " | 15 | "520 יאר פאַר" | 530 יאָר נאָך קריסט צ. ר. |
| 296 | 5 | "פריץ" | פרינץ. |
| 316 | 4 | "מענטש" | מענטשן. |
| 332 | 6 | "באַ וויזן" | באַווייזן. |
| " | 12 | "שטערי" | שטערן. |
| " | 15 | "זאָל איר" | זאָלט איר. |
| 360 | 5 | "אַ פריילעכער" | אַ פריילעכע. |
| 364 | 1 | "אַ ביסל" | אַ בינטל. |
| " | 13 | "וועט" | ווערט. |